# די יודישע צוקונפט

א חודש זשורנאל פאר לעבען, ליטעראטור און וויסענשאפט.

רעדאקטאר: דר. י. ווארטסמאנן.

ערשטער יאהרגאנג. אקטאבער 1904. פיערטעס העפט.

## אינהאלט:



קראקוי לאנדאן נעוו־יארק



Verlag „Die jüdische Zukunft"
Für die Redaction verantwortlich M. Fischer.
Druck von Josef Fischer in Krakau.

פון יולי 1904 ערשיינט

# „די יודישע צוקונפט“

אינהאלט:

**ערשטעס העפט.** 1) „די יודישע צוקונפט“— רעדאקטאר. 2) „פחד“ (שטריכען) — י. וואלין. 3) „ש. פרוג“ — בעל מחשבות. 4) „טיגער“ (ערצעהלונג) — ל. שפירא. 5) „יודישע קאלאניזאציע“ — דר. א. נאססיג. 6) „געטהא ליעד“ — פ. מ. ראסקין. 7) „א רעטעניש“ (בילד) — י. שטיינבערג. 8) „ציוניזם אין בעלגיע“ — א. ריטווא. 9) „בעוועגער פונ'ם געזעלשאפטליכען לעבען“ — א. ש. זאקס. 10) „חבת=ציון מיט און אן בעווייזע“—מאטיאס אחר־ 11) „ליטעראטור און לעבע,“ — ש. זעצער. 12) „יודישע כראניק“ — כראניקער. 3) „ליטעראַרישע נאטיצען“ — בן=אדם. — **צווייטעס העפט.** 1) דר. פ. אפענהיימער—א. פערלמאן. 2) „אנ עדות“ (ערצעהלונג) — י. שטיינבערג. 3) „יודישע קאלאניזאציע“— דר. א. נאססיג. 4) „חומ'ל און זיין ווייב (ערצעהלונג)—ד. ראשאווסקי. 5) „הערצל“ - דר. גאסטער. 6) „פאטא מארגאנא“ (געדיכט)— פ. מ. ראסקין. 4) „וואס איצט?“ — דר. י. ווארטסמאן. 8) „יודען אין דער רוסישער ליטעראטור“ — מ. לעווין. 9) „יודישע כראניק“ — כראניקער. 10) ליטעראר. היסטארישע נאטיצען“ — בן=אדם. **דריטעס העפט.** 1) „כהלה“ (שטריכען) — י. וואלין. 2) „ווי אזוי זאלען מיר קאלאניזירען?“ — נ. מירקין. 3) „אין שווערע צייטען“ ל. יפה. — 4) „יודישע קאלאניזאציע“ — דר. א נאססיג. 5) „די נאכט“ (געדיכט) — ליש. 6) „דר. פ. אפענהיימער“ — א. פערלמאן. 7) „אין האספיטאל“ מולטאטולי. 8) „יודען אין דער רוסישער ליטעראטור“ — מ. י. לעווין. 9) „עקאנאמיע אין אידעאלאגיע“ — א. ש. זאקס. 10) „יודישע כראניק“ — כראניקער. — **אין פינפטען העפט** קומען פאלגענדע ארטיקעל: 1) „צו זענען די פועלי ציון ציוניסטען?“ 2) „די גנבה“. 3) „א זכר פון דער אינקוויזיציה“. 4) „דער מקובל“. 5) „ווי אזוי זאלען מיר קאלאניזירען?“ 6) „עולי רגל“ א. ז. וו.

**אויפמערקזאם:** אבאנענטען (אויסער רוסישע), וואס שיקען איין $6\frac{1}{2}$ שיללינג, $7\frac{1}{2}$ מארק $8\frac{1}{2}$ פראנק, $8\frac{1}{2}$ קראנען, 1,50 דאלאר (אפריקא: 11 שילינג) בעקאמען

**א גאנץ יאהר** „די יודישע צוקונפט“ פריי צוגעשטעלט, און אויסער דעם—דאס פראכטפאל־געבונדענע, שיין=אילוסטרירטע 337 זייטען שטארקע בוך

## „געזאמעלטע ליעדער“ פון מאריס ראזענפעלד

(די בעריהמטע נעוו־יארקער אויסגאבע) **גאנץ אומזיסט** (דיעזעס בוך, וואס איז א ציערונג פאר יעדעס הויז, קאסט פאר אנדערע 6 קראנען).

**וויכטיג פאר רוסלאנד:** מאנכע בעקלאגען זיך דאס זיי האבען ניט פינקטליך בעקומען די העפטען רעגעלמעסיג. דאס איז פארגעקומען, ווייל די אדמיניסטראציע איז געווען ווייט פון רוסלאנד. איצט אבער וועט די אדמיניסטראציע זיין אין ווארשא, און פון איצט אן וועלען די העפטע רעגעלמעסיג ערשיינען און פינקטליך צושיקט ווערען.

## צו בעמערקען

געגענאיבער די אבאנענטען איז „די יודישע צוקונפט“ פעראנטווארטליך נור ווען זיי שיקען געלד דירעקט אין איינע פון די אדמיניסטראציאנען:

KRAKAU, Ditelsgasse 59, M. EHRLICH.

Баршава Новолипье 36/77 Др. Х. Вортсманъ

אדער ווען זיי בעקומען קוויטאנציעס פון אונזערע אגענטען.

„די יודישע צוקונפט“ איז פערברייט אין אלע וועלטטיילען, דעריבער דער בעסטער פלאטץ צו אנאנסירען.

# דער „נביא“.

(ערצעהלונג.)

... אויף אונזערע „אָווענדען“ זענען געווען אַלץ איינענע מענשען. דאָס גע־שפּרעך איז שטענדיג געווען לייכט, אָבערפלעכליך. יעדער האָט גערעדט, ווי און וואָס איהם האָט זיך געוואָלט. מעהרסטען טייל פלעגט דער טאָן זיין ערנסט. צייטענווייז — איראָניש, גוטמוטהיג־לאַכענדיג, און אַ מאָל, פּשוט, לייכטזיניג. אונזערע געשפּרעכען פלעגען ניט אַלע מאָל זיין אויסגעהאַלטען און ניט אַלע מאָל געפיהרט ווערען מיט דעם זעלבען ערפאָלג. וועגען דעם האָט זיך אָבער קיינער געקימערט, ווייל מיר פלעגען זיך ניט צונויפקומען אויף צו לעזען רעפעראַטען און נאָך אַזעלכע ערענסטע זאַכען, — אונזער ציעל איז געווען פיעל בעשיידענער: „פערברענגען“. אַלע פלעגען קומען פערמאַטערטע, נאָך אַ גאַנצען טאָג שווער אַרבייטען, און יעדערער האָט גע־האַט אַ בעדערפניש „אַברוהען מיט דער נשמה“, ווי עס איז ביי אונז געגאַנגען אַ ווערטעל. אויסער איין חיימ׳ען, אונזער אַלגעמיינעם חבר, וואָס האָט פון נשמה־רוה ניט גע־האַלטען, און פלעגט האָבען אַ איינפאַכערע בעדערפניש: „אַברוהען מיט די הענד און פיס“. —

— ביסט דאָך גאָר אַ פּשוט׳ער מאַטעריאַליסט, — האָט איהם געזאָגט אויף דעם אַ מאָל יודעל, אַליין אויך אַ פערברענטער „איסט“. — וואָס פלעגט גלייך געפינען פאַר יעדערען עפּעס אַ „איזם“.

— וואָס איך בין אַ מאַטעריאַליסט, איז נאָך אָן בייז — האָט איהם חיים קאַלטבלוטיג געענטפערט; — שלעכט איז דאָס, וואָס איך קום ביסלעכווייז צום בע־שלוס, אַז דו ביסט פּשוט אַ — בהמ׳יסט.

דערהערענדיג אַ נייעם וואָרט, אַזוי ווי אַרויסגעכאַפּט פון יודעלס לעקסיקאָן, שיעסט חברה אויס אַ געלכטער, און יודעל לאַכטמיט מיט חברה און פיהלט זיך גאָר ניט בעליידיגט; אדרבה, אז לאַכען — איז לאַכען, אַלע צוזאַמען, אינאיינעם מיט׳ן בעליידיגטען. — „לאַכען, — פלעגט זאָגען אונזער גאָרדאָן, אַ געוועזענער מעדיק, וועלכען מען האָט אויסגעשלאָסען פון אוניווערסיטעט אין אַ מאָנאַט ארום נאָכ׳ן אַריינטרעטען און וואָס מען רופט איהם דערפאַר „מעדיק אויף אַ שעה“: —„לאַכען — זאָגט ער — איז געזונד פאַר׳ן מאָגען, ווייל דאָס העלפט צום פערדייהען“... און חברה פלעגט לאַכען און פרעהליך פאָרטזעצען איהר געשפּרעך.

יענעם אָווענד האָט זיך דאָס געשפּרעך אַרומגעדרעהט ארום אָרימע און רייכע.

— דער רייכער, וואס דריקט דעם ארימאן, איז גאנץ גערעכט ביי מיר אין די אויגען, — האט געזאגט חיים, — דער, וואס פלעגט בעגרייפען נור דאס בעדערפניש פון „רוהען מיט הענד און פיס" און איז געוועזן אנגעשמעקט עטוואס מיט ניטשען: — מחמת אויב דער ארימאן לאזט זיך דריקען, איז א מצוה איהם צודריקען, און אזוי לאנג איהם צו דריקען, ביז דאס געדולד זאל איהם פלאצען, און דענסטמאל וועט ער שוין אליין וויסען, וואס צו טהון.

— וואס א זוינס וועט ער דענסטמאל וויסען, וואס ער ווייסט נאך איצט ניט? — האט געפרעגט יודעל דער „איסט".

— ער וועט זיך ניט לאזען דריקען, און גענוג וועט מען איהם שלאגען, וועט ער געבען צוריק, וועט מען איהם כאפען דעם ביסען פון מויל, וועט ער דאס זעלבע טהון... „עין תחת עין", ווי עס שטעהט אין פסוק.

יודעל האט געטרייסעלט מיט'ן קאפ און געמאכט מיט דער רעכטער האנד, ווי געוועהנליך, און האט אויפ'ן שטעל פערטייטשט, וואס די דאזיגע בעוועגונגען דארפען בעדייטען.

— נארעשקייטען! באבע־מעשיות! — האט ער שוין כמעט ווי געשריען: — אויף דערויף איז דער מענש א מענש מיט שכל, ער זאל זיך אומעטום אריינמישען, און זאל העלפען „דער נאטור מיט זיין ארגאניזירענדען כח..."

— עה, — טראכט איך מיר, — מען פערקריכט שוין אין די הויכע דרכים, אין פילאסאפיע אריין... און מיר האט זיך פערגלוסט איהם איבערייסען, ווארום מיט חיים'ען איז א סכנה צו טרייבען כתבות: הייבט ער אן צו רעדען „וועגען דער נאטור מיט'ן מענשען" פועל'ט איהר ביי איהם ער זאל אייך „אפשטעפען" א רעדע אויף גאנצע דריי שעה, און געה נעם זיך אן געדולד איהם אויסצוהערען...

— יע נאטור, ניט נאטור — האב איך געזאגט דאס ערשטע, וואס עס איז ארויף געקומען אויפ'ן צונג: — דאס איז מ'ר אלץ איינס. איך ווייס נור, וואס מיין טאטע זאגט: אנ'ארימאן צו זיין איז ביטער, ווי דער טויט...

יודעל האט ניט פערשטאנען, ווי פאסען אהער מיינע ווערטער, און ער האט אויסגעשטעלט אויף מיר א פאר אויגען...

עס איז געווארען א רגע שטיל אין צימער.

— שא, קינדער, — האט זיך געלאזט הערען פון סאמע ווינקעל, און מיר האבען זיך אלע אהין אקער געטהון.

דאס איז געוועזן שמואל, איינער שוין א בעיאהרטער, מיט א בארד, וואס ער האט אויסגעזעהען־ ווי א טאטע קעגען אונז אלעמען, און פלעגט אונז שטענדיג רופען „קינדער".

פון וואנען איז געקומען צו אונז דער דאזיגער שמואל, — דאס האט קיינער געוואוסט; וואס מיט איהם האט אין לעבען פאסירט — איז אונז אונבעקאנט געוועזן. ער אליין איז געוועזן זעהר קארג אויף ווערטער, און פאנאנדערפרעגען איהם — האט קיינער ניט געוואגט. גערעדט האט מען, אז ער איז אראבגעקומען פון די קאלטע סיביריען־לענדער, האט אומגערייזט א צייט איבער אויסלאנד. אויף וויפיעל דאס אלעס איז ריכטיג געוועזן, האט קיינער געוואוסט.

בשעת מיר פלעגנען רעדען צווישען זיך, פלעגט ער זיצען פערוקט טיעף אין אַ ווינקעל און פלעגט, מעהרסטען טהייל, שווייגען. זיין געזיכט פלעגט זיין ווי פער־שטיינערט און די אויגען ווי מיט אַ וואָלקען פערצויגען — אונזער ערנסטקייט פלעגט איהם ניט מאַכען ערענסטער, און די לייכטזיניגקייט פלעגט איהם ניט צערשטרויען. עס איז קענטיג געוועזען, אַז ער האָט זיך געהאַט זיין אייגען וועלטיל, אויסער אונזערע, וואָס מיר האָבען וועגען איהר קיין שום בעגריף ניט געהאַט. זעלטען פלעגט ער זיך צו אונז אַראָבלאָזען, צו אונז „קינדער", אויף וועלכע ער האָט אלע מאָל געקוקט מיט פאטערליכע ליעבע און ער האָט געמוזט קלערען דערביי עטוואָס עהנליכעס אין דעם שפּריכוואָרט: „מיט וואָס דאָס קינד זאָל ניט שפּיעלען, אַבי עס זאָל ניט וויינען". ניט קיין וואונדער, אַז מיר האָבען זיך אַלע גלייך אַ קעהר געטהון צו אונזער עלטע־רען חבר, ווי ער האָט נור דאָס ערשטע וואָרט אויסגערעדט. די פּנים'ער זענען פ'לוצלינג געוואָר'ען ערענסטער, די בליקען — שאַרפער, אזוי ווי מיר וואָלטען וועלען בעווייזען דעם דאָזיגען מענשען, אַז ווען מען דאַרף, קענען מיר אויך זיין ערנסטע, און אפילו טיעפזיניגע מענשען...

ישמואל איז געזעסען, אַ קניה אויף אַ קניה אריבערגעלעגט, און האָט געזווינגען דעם פאפּיראָס זיינעם, ווי געוועהנליך.

„— אייערע ווערטער — האָט ער ווייטער גערעדט — האָבען אַרויסגערופען פון מיין זכרון איינע אַ טרויריגע געשיכטע, וואָס איז פערלאָפען אין אונזער שטעד־טעל וואַווילישאַק. דאָס איז געוועזען איינע פון די פיעלע געשיכטען, וועלכע קומען פאָר אויף דעם באָדען „פון עסען איינער דעם צווייטען".

— אונזער שטעדטעל, דאַרפט איהר וויסען, — האָט פאָרטגעזעצט שמואל, אויף קיינעם ניט קוקענדיג בעזונדער, נור אויף אַלעמען צוזאַמען, — דאָס שטעדטעל וואַווילישאַק ליעגט פאַנאַנדערגעוואָרפען אויף ביידע ברעגען פון דעם טייך וואַוויליע און איז פערוקט ערגיץ הינטער פעלדער און וועלדער אין די טיעפעניש פון דער ליטע. לאַנג האָט קיינער ניט געוואוסט פון דעם שטעדטיל, און דאָס שטעדטיל האָט פון דער איבעריגער וועלט ניט געוואוסט. מעהר ווי אַ פליט אויפ'ן טייך פלעגט מען גאָר ניט זעהן. עס פלעגט זיך אָבשטעלען ביים ברעג אַ פאָר פליטען מיט זייערע ביידלעך, וואָס פלעגנען שווימען פון ערגעץ ווייט אין דער הויך אין דער גובערניע אַריין, וואָס איז געלעגען אויף דעם זעלבען טייך; עס פלעגען זיך אַרויסזעצען אויפ'ן ברעג אַ פאָר פליטניקעס, געזונדע גוים, באָרוויסע, מיט שוואַרצע שטיקער ברויט אין די הענד, און פלעגען פערשוואונדען ווערען אין איינעם פון די פילע שענקען, וואָס זענען דענסטמאָל געוועזען אין שטעדטיל.

אויסער די פליטניקעס, פלעגט ימים־טובים־צייט אנקומען אין שטעדטיל נאָך אַ פרישער מענש, אַ מוכר ספרים'ניק וואָס פלעגט צולעגען אין קלויז אויף די טישען זיינע מחזורים, קינות, סדורים, ציצית, קמעי'לעך, מיט מיידעלשע ביכער, שמר'ס און בלווישטיינ'ס ראָמאַנען, וועלכע זענען דענסטמאָל געוועזען שטאַרק אין דער מאָדע. דאָס זענען געוועזען כמעט די איינציגע מענשען, וואָס פלעגען דערמאָהנען די וואַווילישקער איינוואָהנער, אַז ערגעץ ווייט זענען פאַראַן נאָך מענשען אויסער די וואַווילישקער.

יודישע קינדערלעך זענען פריי ארומגעלאָפען איבער די וואַווילשקער גאַסען און האָבען זיך געשפּיעלט צוזאַמען מיט די שקאָצימלעך, וועלכע עס האָבען אויך ניט

געפעהלט. פון דעם פערפוילטען אנטיסעמיטיזם איז נאך דענסטמאל אונזער לופט ריין געווען, און די ווילדע חיה ,קאפיטאל' האט נאך דאן געדרעמילט. יודען מיט קריסטען, רייכע מיט ארימע האבען צוזאמען געלעבט, אזוי ווי נאט האט געבאטען.

די הייזלעך פון דעם שטעדטיל זענען כמעט דורכאויס געווען אלטע, געדריכט געשטאנען, גלייך ווי זיי וואלטען זיך געטוליעט איינס צום צווייטען. יעדער האט זיך געהאט זיין איינען הייזעל, קיינער האט קיין דירה געלד געצאהלט און קיינער האט קיינעם פון קיין דירה ניט געיאגט. ,דעם שכנ'ס" בעט-געוואנד האט זיך אין די גאסען ניט געוואלגערט.

איך האב דענסטמאל געלערנט אין וואווילישאק, און האב געהאט א ,טאני" ביי איינעם, א שוסטער אפילו, אבער דאך א מענש מיט שכל אין קאפ, א מענש א נעזונדער, אי פהיזיש, אי גייסטיג, זעהר א נאטירליכער, אן קונצען, ווי מען זאנט. משה האט מען איהם גערופען, ער איז נאך דעמאלסט געווען א יונגערמאן, מיט א ווייב און צוויי קינדער, וועלכע ער האט ליעב געהאט דאס לעבען. אין דער יוגענד איז ער געווען א קלויזניק, פון די אויפגעקלערטע, א שטיקעל משכיל, און זיין געזונדער נאטירליכער שכל האט איהם אונטערגעזאגט, אז א מלאכה איז טייערער און ניצליכער איידער די קלויז. צו דעם איז ער שוין געווען אביסעל אנגעשמעקט מיט די ביכלעך, ווייל ער האט זייער גוט געקענט העברעאיש און דער תנ"ך איז ביי איהם געווען דאס טייערסטע בוך אין דער וועלט. איך געדענק, אז אריינקומענדיג צו איהם, פלעג איך נאנץ אפט טרעפען צווישען די פערשיעדענע ווערקצייג אויף זיין קליינעם ווערקשטעטל, אויך א קליינעם תנכ"ל פון די מיסיאנערישע אויסגאבען, אין וועלכען מען האט געקענט שטענדיג בעמערקען אפאר בלעטליך פערקנייטשט ערגעץ וואו צווישען די ,נביאים".

די נביאים, ווי עס שיינט, פלעגען איהם שטארק בעצויבערן; ער איז געווען מיט זיי אויף אזוי נאהענט בעקאנט, אז ער פלעגט אפטמאל גאנצע קאפיטלעך דעקלאמירען אויסענווייניג. דעקלאמירען אבער מיט פערשטאנד און געפיהל, אזוי אז עס פלעגט זיך דאכטען, דאס הערט זיך אנ'אבקלאנג פון דעם נביא אליין וואס דערנעהט צו אייך דורך א טויזענדט יאהריגע וואנד. נאך עטוואס האט ער אין זיך געהאט. ער פלעגט ליעב האבען לידעלעך צו שרייבען. בעזינגען פלעגט ער די הימלען, די זון, בלומען און בוימער, איבערהויפט געוועקסען, דאס פלעגט ער ממש פערגעטערן.

אין פערזענליכען לעבען (וועגען געזעלשאפטליכען לעבען האט נאך דאן אין וואווילישאק קיין רייד ניט געקענט זיין), איז ער געווען גליקליך, ווי עס שיינט. דאס איז געווען אשטילער לעבען, פון א נאטירליכען מענשען, וואס איז געווען אבגעזונדערט פון אלעמען, און האט אין קיינעם געפיהלט א בעדערפניש.

נעבען איהם האט געוואהנט א שכן, א קריסט, א סאדאווניק. משה איז מיט איהם געווען אזוי שטארק בעפריינדעט, אז דער סאדאווניק האט ארונטערגענומען דעם פארקאן פון סאד, און זייערע ביידע הייזער האבען זיך פעראייניגט. משה'ס פענסטער האבען ארויסגעקוקט אין סאד, וועלכען ער האט בעזונגען אין זיינע לידער און שטעהענדיג ,שמנה עשרה", אבגעקערט פון פענסטער קעגען די בוימער. פלעגט ער זיך אפט מאל פערטראכטען, זיינע ליפען פלעגען זיך נור שאקלען, אבער אן

זוערטער; עס האט אויסגעזעהן, אז זיין האַרץ אַליין דאַווענט און בעטעט, הייס און גרינג. ווען זיין גייסט שוועבט איהם אַרום איבער'ן סאד, פון איין בוים צום צווייטען צוזאַמען מיט די זינגענדיגע פייגעלעך... אדער אַמאָל, בין השמשות, פלעגט ער נעמען אַ קינד אויפ'ן האנד. דאָס תנכ'ל אין דער צווייטער האנד און פלעגט זיך זעצען ביים אָפענעם פענסטער, בלעטערן דעם תנכ'ל און קוקען אין אָפענעם הימעל אריין. דער ווינד פלעגט זיך שפילען מיט די בלעטער פון די בוימער און עפּיס פלעגט זיך, קענטיג, שפּיעלען אויך ביי משה'ן אין האַרצען: דאָס געזיכט פלעגט איהם דאַן שטראַהלען און די אויגען — גלענצען פאַר בעגייסטערונג... און זיין מאַטעלע האָט געקענט לערנען, און האָט שוין געוואוסט, אַז אונטער'ן פענסטער שטעהט עץ — אַ בוים, און אַז דער בוים איז תפוח — אַנעפּעלבוים. ער האט נאָך געוואוסט וואו דאס געפינט זיך אין תנכ'ל — דאָס האָט משה'ן זעהר פיעל פערגעניגען פערשאַפט.

ווי געזאָגט, האָט משה געהאַט צוויי קינדער, געזונדע, פרישע, אַזוי ווי די עפּעל, וואָס עס פלעגט טראָגען דער בוים אונטער'ן פענסטער, מיט אויגלעך אַזוי ווי די קאַרשען, וואָס עס פלעגט בלישטשען אויפ'ן זון. זיי פלעגען פריי אַטהעמען און פריי לעבען, אַזוי ווי די שקצים'לעך פון קריסט, וואָס האָבען ניט געוואוסט פון קיין הדר מיט קיין רבי'ן.

אַזוי האָט אבגעלעבט משה דער שוסטער פיער יאָהר, — פיער נעצעהלטע גליקליכע יאָהר. פלוצלונג האָט זיך אבער גענומען ציעהען אַ שוואַרצע חמאַרע אויף איהם. אַנ'אומגליק האט געטראָפען זיין שכן, דעם סאדאָווניק, און אויף משה'ן האָט ער זיך אבגערופען. עס איז אַראָבגעקומען פון גובערניע אַ פּאַפּיער צום פּריסטאוו אַז מען זאָל אויסמאָהנען פון סאדאָווניק עפּעס אַנ'אַלטען חוב, וואס זיין פלאַץ איז מיט אַ צייט יאָהרען צוריק פערזעצט געווען אין באַנק, און דער סאדאוויניק אַליין האָט פון דעם ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען. אבגעשריבען האָט מען זיין גאַנץ פערמעגען מיט'ן סאד, און עס האָט קיין צוויי וואָכען ניט געדויערט, ווי עס איז אַלץ פער־קויפט געוואָרען ביז אָ פאָדעם. דאָס האַרץ האָט געוויינט קוקענדיג, ווי מען האָט צוּוואַרפען דאָס שטיבעל און מען האָט איהם פערקויפט פאַר דריי רובעל אויף האָלץ,— דאָס שטיבעל, וואָס דער סאדאָווניק האָט אין איהם זיין וועלט אָפּגעלעבט.

דערנאָך האָט מען זיך גענומען צום סאָד. די בוימער האָבען געהאַלטען אין בליעהען, און זענען געשטאַנען ווייסע, און האָבען זיך געבאָדען אין די וואַרימע שטראַה־לען פון פריהלינג. די העקער מיט די בייזע פנימ'ער, מיט די קודלאַטע לאַנגע בערד, האָבען זיך אומגעטראָגען פון איין בוים צום צווייטען, מיט האַק און זעג, און האָבען פערדאַרבען אויף רעכטס און אויף לינקס. יעדער זעג פלעגט זיך אַלץ טיעפער און טיעפער אַריינעסען אינ'ם קערפּער פון בוים, און טראָפענס בלוט, זאַפטיגע, ווייסע, פלעגען רינען אויף דער ערד. און יעדער האַק פלעגט אַנידערלעגען הרוגים, אַזוי ווי נאָך אַ בהלה. און די בוימער זענען געפאַלען איינע נאָך די אַנדערע, אַזוי ווי די טרייע דיענער, וואָס ווילען ניט בלייבען אַליין אָן דעם הערשער אויפ'ן שלאַכטפעלד, און זיי פלעגען זיך וואַרפען אויף דער ערד מיט אַ פערצווייפעלטען קרעכץ.

דאַן זענען זיך אַלע פויגעל צופלויגען פון שטעדטיל...

אַרום פלעגען זיך קלייבען שטעדטעלדיגע קינדער, פלעגען זיך חכמה'נען און לאַכען, און רייסען צווייגלעך און מאַכען בייטשלעך.

משה, וואָס איז די לעֶצטעֶ צייט זעֶהר פֿעֶרעֶנדעֶרט געֶוואָרעֶן און פֿלעֶגט זיך שוין נאָך זעֶלטעֶנעֶר בעֶווייזעֶן אין נאָס. פֿלעֶגט זיי טרייבעֶן דורכ'ן פֿעֶנסטעֶר:

— אוועֶקט, שקצים! וואָס צופּט איהר די בוימעֶר: אז מעֶן וואָלט געֶריסעֶן אייעֶרעֶ גליעדעֶר אַזוי, וואָלט איהר וויסעֶן...

— וואָס רעֶדט איהר, ר' משה, טוידטעֶ בוימעֶר! — פֿלעֶגעֶן די קונדסים עֶנט־פֿעֶרעֶן און פֿלעֶגעֶן פֿאָרטזעֶצען זייעֶר אַרבייט.

דעֶר בעל הבית אַליין איז אויך געֶוועֶן דעֶרביי. מיט די העֶנד אין די קעֶשעֶנעֶס, מיט אַ גאָלדעֶנעֶ קייט אויפֿ'ן ווייסעֶן זשילעֶט, איז עֶר אומגעֶגאַנגעֶן פֿון איין העֶקעֶר צום צווייטעֶן, און האָט געֶטריבעֶן אין דעֶר ארבייט.

— איצט וועֶלעֶן מיר עֶפּיס בעֶסעֶרס מאַכעֶן אויף דעֶם ארט פֿון די פּוסטעֶ בוימעֶר, — האָט עֶר זיך אבגעֶרופֿעֶן צו משה דעֶם שוסטעֶר, ארומגעֶהעֶנדיג פֿאַרביי זיין פֿענסטעֶר — איהר האָט עֶפּיס דעֶרוואַקסעֶנעֶ קינדעֶר? וועֶלעֶן זיי שוין ניט דאַרפֿעֶן אומגעֶהן פּוסט־און־פּאַס... ביי מיר וועֶלעֶן אַלעֶ פֿעֶרדיענעֶן געֶלד... איך מאַך דאָ אַ פֿאַבריק, אַ שוועֶבעֶל־פֿאַבריק... נאָהעֶנט וועט זיין...

פֿון באַהן האָבעֶן זיך דעֶרוייל געֶצויגעֶן פֿוהרעֶן מיט זאכעֶן: דאָס האָט זיך דעֶר פֿאַבריקאַנט אריינגעֶצויגעֶן מיט זיין גאַנצעֶ פֿאַמיליעֶ אין שטעֶדטיל. בעֶזעֶצט האָבעֶן זיי זיך אין אַ הויפֿעֶל, אַנדעֶרטהאַלבעֶן וועֶרסט פֿון שטעדטיל.

די פֿאַבריק האָט געֶוואַקסעֶן פֿון טאָג צו טאָג, ביז זי איז אַם עֶנדעֶ אויסגעֶ־וואַקסעֶן הויך און גרויס ווי אַ ריז.

פֿון יעֶנעֶר צייט אָן האָט זיך עֶפּיס אַזוי ווי אַ שפּין ארויפֿגעֶזעֶצט ביי משה'ן אויפֿ'ן מאַרך און האָט איהם געֶנומעֶן וויגעֶן און אָבנעֶהמעֶן ביי איהם די לופֿט טראַ־פֿעֶנס־וויז, האַלבעֶ טראָפֿעֶנס־וויז; און אויך אויף זיינעֶ קינדעֶרלאך האָט זיך אָנגעֶ־זעֶצט די שפּין, זיי האָבעֶן געֶנומעֶן וועֶלקעֶן, ווי די בלומעֶן אין העֶרבסט.

די פֿאַבריק האָט אַ גאַנצעֶן טאָג געֶרויכעֶרט מיט איהר הויכעֶן קוימעֶן און האָט פֿעֶרצויגעֶן מיט אַ שוואַרצעֶ חמאַרעֶ די וואַווילישקעֶר הימלעֶן צוזאַמעֶן מיט'ן לעֶבען פֿון משה דעֶם שוסטעֶר, צוזאַמעֶן מיט זיין געֶזינדעֶל. אַ גאַנצעֶן טאָג האָט אונטעֶר'ן פֿענסטעֶר געֶזשומט און געֶהודזשעֶט. די שייבעֶן פֿלעֶגעֶן שטעֶנדיג זיין ביי זיי פֿעֶרצויגעֶן מיט סאַזשעֶ, און די לופֿט איז געֶוועֶן אַ שווערעֶ, אַ שטיקעֶנדעֶ, טרויעֶ־ריג. פֿעֶרצוויי־פֿעֶלט פֿלעֶגט משה קוקעֶן אויף די עֶרטעֶר, וואו עֶס האָבעֶן פֿריהעֶר קווייטעֶן געֶבליהט און גראָזעֶן געֶגרינט, און איצט האָבעֶן זיך דאָרטעֶן קופּעֶס מיסט געֶוואַלגעֶרט, געֶפֿוילט און פֿעֶרשפּרייט אַרום זיך שעֶדליכעֶ מיאַזמעֶן, און די קינדעֶרלעֶך, וואָס פֿלעֶגעֶן זיין געֶוואוינט צו פֿרייעֶ לופֿט, און וואָס די אויגעֶלעֶך זייעֶרעֶ האָבעֶן געֶבלישטשעֶט אַמאָל ווי די קאַרשעֶן, האָבעֶן וואָס פֿון טאָג געֶנומעֶן אומעֶטיגעֶר ווערעֶן און די פּנימ'לעֶך זייעֶרעֶ זעֶנעֶן געֶוואָרעֶן בלאַסעֶר און בלאַסעֶר און האָבעֶן זיך געֶעֶלטעֶרט פֿאַר דעֶר צייט. עֶס איז ניט אַריבעֶר קיין איין האַלב יאָהר פֿון דעֶם אומעֶטיגעֶן לעֶבעֶן, ווי די קליינעֶ לאַה'לעֶ איז קראַנק געֶוואָרעֶן. משה האָט אָנגעֶשטרעֶנגט זיינעֶ אַלעֶ קרעֶפֿטעֶן צו ראַטעֶוועֶן איהר, אָבעֶר עֶס האָט ניט געֶהאָלפֿעֶן. דעֶר דאָקטאָר האָט געֶזאָגט: לופֿט... די דירה איז קליין... אַלץ אַזוינעֶ זאַכעֶן, וואָס מעֶן קאָן ניט קריגעֶן אין קיין אַפּטייק, שטיל, ווי אַ ליכט, איז לאַה'לעֶ אויסגעֶגאַנגעֶן.

ווי עמייך וואלט משה'ן מיט א האק איבער'ן קאפ אראבגעלאזען, אזוי האט איהם לאה'לעס טוידט צוטומעלט. זיין מויל איז פערשלאסען געווארען, און זעלטען וועןן מען פלעגט הערען פון איהם א ווארט; מיט א מרה־שחורה אויפ'ן אויסגעמאָ־גערטען געזיכט פלעגט ער אומגעהען פון איין ווינקעל צום צווייטען — גאנצע שעה'ן אזוי. עס זענען קיינע דריי חדשים נאך לאה'לעס טויט ניט אריבער, ביי דער מאמע רבקה'ן האבען זיך נאך די טרערען ניט פערטריקענט נאך איהר געליעבטער לאה'לען און משה איז נאך צו זיך ניט געקומען, ווי מאטעלע האט זיך שוין אויך אוועקגע־לעגט אין בעט, — דער איינציגער מאטעלע, וואס איז זיי איבערגעבליעבען אלס דער לעצטער און איינציגער זכר פון דעם קורצען גליקליכען לעבען זייערען.

— מיט משה'ן האט זיך עפּיס אונגעוועהליכעס געטראפען. אין גאנצען אומ־געביטען זיך, אויס, גאר ניט דער משה. רעדען פלעגט ער שוין גאר ניט, און אז ער פלעגט עפּיס זאגען, פלעגט עס זיין ניט קיין ווארט, וואס זאל אויסדריקען א מענש־ליכען בעגריף. נור גיכער עפּיס עהנליכעס צו א הריפּען פון א ווילדע חיה, בשעת מען נעמט אב ביי איהר די קינדער; א חיה, וואס חריפּעט פון וועהטאג, איז משה געווארען; א שלאנג, וואס בייסט זיך אליין און לאזט זיך דעם גיפט אין די איינענע בלוטען אריין. זיין בארד איז געווארען צופליקט און שיטער, אזוי ווי א פעלד פון תבואה, וואס דער האגעל האט איהם אויסגעשלאגען. די אויגען האבען זיך איהם פערוקט אין זייערע לעכער און האבען געברענט מיט א שלעכטען פייער, האבען געקוקט אזוי שארף, גלייך ווי זיי וואלטען עפּיס אונגעוועהנליכעס בעמערקען. לאנג פלעגט ער זיך מיט די אויגען אין דעם „עפּעס" אריינעסען, ביז עס פלעגט זיך איהם אם ענדע ארויסרייסען דורכ'ן האלז מיט א סקריפּען פון די ציינער: „איך געה צו דיר!"...

שטיל ווי א שאטען פלעגט משה זיין הייזעל פערלאזען און פלעגט אוועק־געהן צו גאט...

ווי א גזלן פלעגט ער אויפרייסען די טהירען פון בית המדרש און שטאל־פערענדיג איבער בענק און שטענדערס, פלעגט ער זיך א שליידער טהון אין ארון קדש אריין, און פלעגט אבליגען א צייט לאנג שטום אן ווערטער...

אבער גאט האט ניט צוגעהערט, און קיין דאקטאר האט ניט געהאלפען. אין איינע פון די אומגליקליכסטע נעכט האט מאטעלע זיין נשמה גאט אבגעגעבען, און אויפ'ן וואווילישקער בית עלמן איז מיט איין קינדערשען קבר'ל מעהרער געווארען.

אזוי ווי עס פליהט ארויס א פונק, בשעת מען קלאפט אייזען אן אייזען, אזוי האט דער לעצטער קלאפ אנגעצונדען עפּעס א געדאנקען ביי משה'ן אין קאפ. און פלוצלינג איז זיין מויל געעפענט געווארען, קומענדיג פון בית עלמן האט ער זיך אבגערופען צו רבקה'ן: „ווייב! צוויי קברים ליגען צווישען אונז. די ערד האט אונז אבגעזאגט: מיר מוזען זיך שיידען, די אונשולדיגע בלוט פון צוויי קינדער שרייט צו מיר פון דער ערד און הייסט געהן אין דער וועלט אריין און טהון, וואס גאט וועט מיר הייסען, גאט האט מיר אויסגעוועהלט פון אלעמען, ער האט מיך פאר א נביא בעשטימט..."

דאס ווייב האט זיך בעגאסען מיט ביטערע טרערען, און האט קוים מיט וועה־טאג ארויסגעזאגט: —

— וואוהין געהסטו?

— איך געה אויסבעטען א מפלה אויף די. וואס האבען מיינע קינדער אומ־געבראכט... אין די וועלדער, צו די ווילדע חיות געה איך. איך וועל זיך לערנען א חיה צו זיין, איך זאל זיך קענען נוקם זיין אן זיי...

און מיט א שטיקעל הארט ברויט אין קעשענע, מיט א שטעקען אין דער האנד איז משה אוועק אין דער וועלט אריין. פארביי דעם בית עולם מיט זיינע קברים׳לעך, פארביי הייזער; און געדטנער איז ער געגאנגען ביז ער איז פערשוואונדען געווארען פון די וואווילישקער הימלען. און קיינער האט ניט געוואוסט אין וואווילישאק, וואו משה דער שוסטער איז נעלם געווארען.

שמואל איז פלוצלינג ענטשווינען געווארען און איז געווען שטארק פערטיפט אין זיינע געדאנקען. קיינער האט ניט געוואגט איהם צו שטערען. באלד אבער האט ער זיך ווי אויפגעכאפט און האט גענומען פערצעהלען ווייטער.

— דערוויל זענען די יאהרען געגאנגען אלץ ווייטער און ווייטער און האבען געשטופט וואווילישאק אויף א נייעם וועג. און וואווילישאק האט נעפאלגט און גע־גאנגען. אליין ניט וויסענדיג ווי אהין דער דאזיגער וועג קען איהר ברענגען. אויף די גאסען האבען זיך גענומען בעוויזען נייע מענשען, און צווישען די הייזער — נייע הייזער, שענערע און העכערע פון פריהער. די מענשען זענען געוועזען אלץ אנגע־שוואומענע: מעקלער, סוחרים מיט סוחרים׳לעך, און גלאט מענשען, וואס דערשמעקען, וואו מען קען עפעס פערדיענען, און לויפען זיך באלד צונויף ווי די רויב־פויגלען אויף א נבלה. דער רוהיגער גאנג פון שטעדטעל איז איינמאל פאר אלע מאל פערשוואונדען געווארען. צוזאמען מיט די נייע אנגעשוואומענע מענשען האבען זיך נעצעפענט נייע געשעפטען, נייע קלייטען, מען האט גענומען האקען די ארומינע וועלדער, און גאנצע טעג האט די ארבייט געקאכט, אי אין וואלד אי אין שטעדטעל, אויף די ברעגען פון דער וואוויליע. אין דער טייך וואוויליע איז מיט אמאל אויך עפעס ווי אויסגעוואקסען, און איז געווארען אי טיעפער אי ברייטער; זי האט אראב געבראכט פון דער נוּבערניע דעם ערשטען דאמפפער, און עס האבען זיך פון איהם ארויסגעשאטען מענשען מיט ווייסע קראגענס, געראזירטע בערד מיט שטעקלעך אין די הענד. און דער גאנצער ערב־רב האט זיך שטענדיג געהאלטען אין איין היילען. דאס שטעדטעל איז אם ענדע געווארען ניט צו דערקענען. אין צווייטען עק שטעדטעל איז שוין געוועזען נאך א פאבריקעל, און מען האט שוין געדעדט וועגען א דריטע. אין איינע פיער־פינף יאהר איז פון דעם פריהערדינען וואווילישאק אפילו קיין זכר נעבליבען. וואווילישאק, ליענט אויף א ברייטען און טיעפען טייך, אויף א „גאסצענעץ" צווישען צוויי גרויסע ליטווישע האנדעלס־שטעדט, האט ארום זיך פיעל פריצים מיט וועלדער; דער קאפיטאל האט זיך ארויפגעווארפען מיט אלע זיינע כוחות און האט איהר גענומען עקספלואטירען ווי ווייט עס איז מעגליך געוועזען. צוזאמען מיט די אלע ענדערונגען, וואס האבען זיך גלייך געווארפען אין די אויגען, זענען אויך פארגעקומען פיעל קליינע ענדערונגען, וואס עס איז זיי שוין שווערער געוועזען צו בעמערקען. גרעסערע קינדער פלעגען זיך שוין ניט אומטרייבען אין די גאסען, זיי פלעגען הארעוען אין די פאבריקען; גנבות זענען געווארען עפטער. עס איז גרעסער געווארען די צאהל פון די ארימע לייט; א סך מעהר מענשען האבען גענומען שטארבען, האט מען גרעסער געמאכט דעם

בית עלמין, און פלעצער פאר טוידע זענען טייערער געוואָרען; אין קלויז זענען די שטעדט טייערער געוואָרען. און שבת — ווער רעדט נאָך א יום־טוב — אַנ'עליה האָט זיך א געוועהנליכער בעל הבית שוין כמעט גאָר ניט געקענט דערקויפען...

בשעת משה דער שוסטער האָט זיך א צווייטען מאָל בעוויזען אין שטעדטעל, האָט איהם שוין קיינער ניט געקענט. און קיינער האָט וועגען איהם קיין שום בעגריף געהאַט.

טיפע קנייטשען האָבען זיין געזיכט אויסגעאַקערט אין דער לענג און אין דער ברייט, פאַר דער צייט פון זיין נע ונד זיין; די האָר זענען איהם געוואָרען גרוי און אין די לונגען האָט זיך איהם פערקליבען די שרעקליכע שווינדזוכט וואָס האָט זיך פון טאָג צו טאָג אַלץ מעהרער אונטער זיין לעבען אונטערגעגראָבען.

געקומען אין שטעדטעל איז ער פאַרנאַכט. האָט איבערגענעכטיגט אין קלויז, און אין אויף מאָרגען אַוועק צו דעם אָרט, וואו ער האָט זיין שטיבעל איבערגעלאָזען. דאָס שטיבעל איז שוין לאַנג געוועזען צו וואָרפען. אויף זיין אָרט איז געשטאַנען א סקלאַד, וואָס האָט געהערט צו דער פאַבריק. אפשר האָט דאָס משה בעמערקט און אפשר ניט. אַלענפאַלס איז ער געבליבען גלייכגילטיג צו דעם פאַקט. דערנאָך האָט ער א צייט אומגעבלאָנדזעט איבער'ן בית עולם, האָט עפעס לאַנג געזוכט, און האָט ווי עס ווייזט אויס גאָר ניט געפונען. אַזוי עטליכע טעג נאַכאַנאַנד: פון קלויז צום שטיבעל, פון שטיבעל צום בית עולם.

איינמאָל האָט ער דערקענט אין גאַס מענדעל הורוויטש'ן (זיין שכן דעם פאַבריקאַנט) און האָט זיך געלאָזט געהן נאָך איהם. פלעגט זיך יענער אָבשטעלען, פלעגט זיך משה אויך אָבשטעלען, פלעגט יענער אַנהייבען געהן שנעלער, פלעגט משה איהם אויך נאָכהאַלטען, און אַזוי עטליכע מאָל נאַכאַנאַנד. דעם ערשטען און צווייטען מאָל האָט דאָס מענדלען ניט געאַרט, אָבער דערנאָך האָט עס איהם פון געדולד אַרויס געבראַכט; איינמאָל האָט ער זיך אָבגעשטעלט און האָט זיך געווענדעט צו משה'ן מיט א בייזער.

— וואָס געהט איהר מיר נאָך ווי א שאָטען?

— איך בין משה! — האָט ער איהם געענטפערט פיעל בעדייטענד.

מענדעל האָט בעקוקט די צוריסענע קליידער מיט דעם גאַנצען אָרימען אויס־זעהן פון דעם, וואָס האָט זיך גערופען משה, האָט א מאַך געטהון מיט'ן האַנד מיט פעראַכטונג, און איז ווייטער געגאַנגען זיין וועג.

— איך בין דער טאַטע פון די קינדער! האָט ער א צווייטען מאָל דערהערט הינטער זיך! —איך בין געקומען דיך צו וואָרענען! זאָלסט תשובה טהון...

און נאָך עטליכע מאָל האָט איהם משה געכאַפּט אין גאַס און האָט איהם איבערראַשט מיט זיינע משוגה־כּאַרגע רייד; נור מענדעל הורוויטש האָט געהאַט פיעל וויכטיגערע געשעפטען, און פלעגט זיך גלייך פערגעסען אָן דעם מאָדנעם יודען, וועלכער האָט איהם אויסגעוויזען ווי משוגע.

און משה האָט געהאַט איבערצוטראָגען דערוויל די שווערסטע ווערטאָגען אין האַרצען, די שווינדזוכט האָט אַלץ מעהרער און מעהרער דערנומען זיין חיות און איז שוין גרייט געוועזען ניט היינט־מאָרגען אַוועק צורייבען פון דער וועלט דעם אויס־געמוטשעטען קערפער פון דעם אומגליקליכען מענשען. מעהר ניט זיינע אויגען האָבען

נאָך אַליין געבלישטשעט אַזוי ווי דער קלינג פון אַ חלף און האָבען געבּ־ענט מיט דעם זעלבען שלעכטען פייער וואָס אַ מאָל.

עס איז געווען אַ פינסטערע נאַכט. אַלע האָבען שוין לאַנג געשלאָפען. פּלוצ־לונג האָט עפּעס ווי אַן עלעקטרישער שטראָם דורכגעלאָפען דורכ'ן שטעדטעל, און מען איז אויפגעשפרונגען פון די בעטען גלייך עס וואָלט זיין אַ שריפה. עס האָט זיך פאַנאַנדער געטראָגען אַ קלאַנג, אַז אין שוהל האָט זיך פּלוצלונג אַנגעצינדען אַ פייער, דאָרטען איז עפּעס צו ליכטיג, דאָס מען בעמערקט. די מענשען וואָס זענען געקומען צולויפען אין שוהל האָבען געפונען, אַז עס ברענען די לאַמפּען און אַ מענש שטעהט ביים אָרון קדש, מיט פאַנאַנדער געשפּרייטע הענד, מיט ברענענדיגע אויגען און רעדט צו דער שוהל, אַזוי ווי עס וואָלטען אַרום איהם פיעל מענשען געווען, רעדט מיט התלהבות, מיט בעגייסטערונג:

....קינדער האָב איך געהאַט, און איך האָב זיי ניט מעהר: פערדערבט־ האָבען זיי פערדאָרבען!.. עס וועט קומען די שעה, ווען איך אויסשטרעקען מיין האַנד, און איך וועל רופען אַלע קראַנקע און צו וועהטאַגטע און פערשטויסענע.. און איך וועל זיין אַ ברודער פאַר די, וואָס דאַרפען אַ ברודער... און אַ פאָטער פאַר די—וואָס דאַרפען אַ פאָטער... און עס וועט קומען אַ מפּלה אויפ'ן הויכען קומען, און עס וועט איינפאַלען דער פונדאַמענט, און די ווענט וועלען ציטערען'...

משה איז דאַן געווען גאָר ניט דערזעלביגער; גלייך ווי אַ שטראָם פון איבערנאַטירליכע כּוחות וואָלט אין איהם אריינגעפּליסט... ער האָט געטרייסעלט מיט די הענד און זיין קול האָט געציטערט. דער תג'כ'ל האָט זיך איהם, אַ פּנים, ווי אויסגעמישט אין קאָפּ אין משונה'דיגע פאָרמען, און מיט איהם האָט ער געטרוימט!.. און אַזוי האָט ער ווייטער פאָרטגעזעצט:

— „אַ נביא בין איך אייך געגעבען געוואָרען פון גאָט!.. איך וועל רופען מיינע קינדער פון מזרח־זייט, און איך וועל צוריק אויפבויען מיין שטיבעל.. און מיין גאָרטען וועל איך פלאַנצען; און גוטע וויינטרויבען וועלען וואַקסען אין איהם... און די שלעכטע וועל איך טרעטען מיט די פיס. און עס וועט שמעקען דער ריח הנחוח!..“

מוראָ'דיג האָט געקלונגען זיין שטים אין דער שוהל, און די מענשען וואָס זענען דאָ געווען האָבען ווי געציטערט איהם איבערייסען. ענדליך האָט זיך איינער געוואַגט און האָט איהם עטוואָס געפרעגט, ער האָט אָבער קיין תשובה בעקומען.

— אַ משוגענער, אַ משוגענער,— האָט זיך באַלד דערהערט פערשידענע קולות, און מען האָט איהם אַרויסגעשיקט פון שוהל און די לאַמפּען אויסגעלאָשען.

מיט איין נאַכט שפּעטער האָט אויסגעבראָכען אַ שריפה ביי הורוויטש'ן אין פאַבריק. דאָס שטעדטעל איז ווידער געווען אויף די פיס. די גייע הב־ה פייער־לעשער איז די ערשטע געקומען, דער בעל־הבית אַליין אין געקומען צופליהען רייטענ־דיג אויף אַ פערד. די נאַכט איז געווען אַ שטילע, אַ פינסטערע. אַ גאַנצע־ האַלבער הימעל איז געווען בעלויכטען מיט אַ פלאַקער. אַביסעל אָן אַ זייט פון דער שרפה, אויפ'ן פלאַטי'ך, וואָס איז געלעגען הינטער דער פאַבריק, איז געשטאַנען אַ שאָטען מיט אויסגעשטרעקטע הענד קעגען פאַבריק און האָט עפּעס גערעדט ניט דאָס צו זיך אַליין, ניט דאָס צו די צונויפגעלאָפענע מענשען. זיין קול האָט געקלונגען שטאָל'ן און פעסט.

„אַ פייער איז אַרויס פון מיין האַרצען, און האָט אַרומגעכאַפּט דעם פּאַלאַטין —האָט ער גערעדט: — אַ קרבן האָב איך געבראַכט צו גאָט פאַר די אומשולדיגע נשמה'לעך, מיט די איינענע בלוטען האָב איך איהם בעשפּריצט, און גאָט וועט איהם בעווילינען... אַ פייער וועט אַראָב פון הימעל און וועט אָנצינדען אַלע הויכע טורעמס“...

— ווער איז דער מענש? האָט זיך אָבגערופען מענדעל הורוויטש מיט אויפרעגונג.

„— איך בין משה! האָט ער נעענטפערט רוהיג און שטאַלץ: — איך בין נאָטס פינגער אויסגעשטרעקט אויף דיר צו שטראָפען דיך פאַר דיינע זינד. די האַנד האָט דיך פערוואונדעט, זי האָט דיך קראַנק געמאַכט — האָט משה געטרייסעלט מיט דער האַנד — גאָט האָט מיך גערופען פון די טיעפעניש פון האַרצען... און איך בין געקומען, און האָב ניט פערפעהלט. איך האָב אייננעזאַמעלט אין האַרצען קינדערשע בלוטען מיט טרערען פון מאַמעס. אויף דיין קאָפּ וועל איך זיי אויסגיסען!..“

מענדעל הורוויטש איז געוועזען שטאַרק איבעראַשט און צוטומעלט.

— בינדט דעם משוגע'נעם! — האָט ער אויסגעשריען, אַ פּאָר מענשען האָבען זיך אַ וואָרף געטהון אויף משה'ן, ער האָט זיי אָבער אָבגעהאַלטען מיט איין בעוועגונג פון זיין האַנד און האָט נאָך העכער געענדיגט: — „גזלנים! רעדען לאָזט מיך! איהר האָט גע'הרג'עט ישעיהו'ן, איהר האָט פערמוטשעט זכריהו'ן.. איך האָב אַזוי לאַנג אייננעהאַלטען די רייד אין מיין האַרצען, אַ שעה פאַר מיין טויד לאָזט מיר זאָגען דאָס וואָרט... עס וועט געבען אַ דונער, די וועלט וועט ווערען צערשפּליטערט, און די הויכע קוימענס וועלען איינפאַלען, און דאַן וועל איך אויפשטעהן און וועל זאָגען בן־אדם: גיב אַוועק מיינע קינדער!.. דו האָסט זיי געקוילעט! וואָס וועסטו ענטפערען אינ'ם טאָג פון משפּט?.. און אַ גייסט וועט זיך דאַן אויסגיסען אויף יעדען אַרבייטער און אויף יעדע אַרבייטערקע, ווי עס איז דורך אונזערע הייליגע נביאים נעזאָגט געוואָרען, און אַלע וועלען דיך פאָדערען צום משפּט, און משפּט'ן וועט דיך אל קנא.. נאָך אַ קטיגור וועט אויף דיר אין הימעל צוקומען: אַ טאַטע, אַ פער'יתומטער.. מיינע קינדער גיב אַוועק, בן־אדם!...“

דאַ האָט שוין מענדעל הורוויטש ניט אויסגעהאַלטען, און ער האָט זיך אַליין אַ וואָרף געטהון אויף משה'ן. האָט זיך אָבער דאַ געטראָפען אַ נייער אומגליק פון וואָס מענדעל איז געבליבען שטעהן, ווי אַשטיק האָלץ.—

אַ שטראָם בלוט, שוואַרצע, צונויפגעקאָכטע, האָט זיך משה'ן אַ גאָס געטהון דורכ'ן האַלז, און האָט איהם די ווערטער פערשטיקט... און די בלוט האָט אויף מענדעל הורוויטשען אַ פליעס געטהון, און האָט איהם אין גאַנצען בעשפּריצט... און אין דער זעלבער מינוט איז משה געפאַלען אין זיינע איינענע בלוטען, אויף דער ערד. אַליין אויך אַ שטיק ערד, אָנמעכטיג צונויפגעקאַרטשעט, צונויפגעדרייט...“

* *
*

שמואל, וואָס האָט דערצעהלט דעם סוף פון דער טרויריגע געשיכטע אין איין אָטהעם האָט טיעף אָבגעזיפצט, און אַ פינסטערער שאָטען האָט זיך איהם איבער'ן געזיכט פערצויגען, אַזוי ווי דאָס וואָלט געוועזען די אומרוהיגע בלאָנדזשענדיגע משה'ס נשמה, וואָס קען זיך קיין רוה ניט געפינען...

**משה טייטש.**



# דר. הערצל אלם העלד.

(צו דר. הערצל׳ס כאראקטעריסטיק.)

---

א „העלד״ ווערט אנגערופען א מענש מיט א שטארקען ווילען, א גבור אין גייסטיגען זינען.

די נשמה, דער ווילען פון א העלד איז די גרעסטע גייסטיגע שענקייט. זי בעצויבערט אונז, און רופט ביי אונז ארויס גרויסע אכטונג.

קראפט איז בכלל די גרעסטע שענקייט, נור בעזונדערס גייסטיגע קראפט, א שטארקער ווילען—דאס בעכשפט אונז אזוי, אז מיר פערלירען זיך אין גאנצען, מיר ווערען בטל אנקעגען איהר.

מיר האסען א העלד, אויב זיין ווילען איז א נגד, א הפך פון אונזער ווילען און ער ברעכט און צושטערט מיט זיין כח דאס, וואס אונז איז טייער; מיר האסען איהם. אבער דערביי בלייבען מיר בעצויבערט פון איהם און אכטען איהם זעהר שטארק.

אונזער ליעבע צום העלד איז אבער נאר אן א גרעניץ, ווען זיין ווילען האט די איינענע ריכטונג, ווי אונזער ווילען: מיר פעראייניגען זיך דעמאלס מיט איהם, ער פולט־אויס אונזער נשמה, זיין ווילען ווערט ווי א שטארקער שטראם אין וועלכען עס גיסען זיך אריין אונזערע ווילענס און מיר ווערען אין איינעם מיט איהם ווי איין זאך וואס מען קען ניט פאנאנדער־טהיילען. בכן קען מען אזוי בעשטימען: א געליבטער העלד איז דער מענש מיט א שטארקען ווילען, אין וועלכען עס שפיגעלט זיך אב דער ווילען פון די, וואס האבען איהם ליעב. דעם געשטארבענם העלד׳ס טעאדאר הערצל׳ס ווילען איז בעצם ניט געווען א נגד צו דעם ווילען „פון קיינעם. ווער עס האט נור א יודישעס הארץ, א יודישעס נאציאנאל געפיהל.

מיר האבען געקענט ניט מודה זיין צו זיינע פלאנען דורך וועלכע ער האט געווענט דערגרייכען די נאציאנאלע פרייהייט, אבער דער עצם ווילען זיינער האט אין זיך אבגעשפיגעלט דעם ווילען פון דער גאנצער יודישער נאציע. ער האט געלעבט די גאנצע לעצטע אכט יאהר מיט דעם איינעם וואונש, צו בעפרייען פון קנעכטשאפט די יודישע נאציע, און דאס איז דאך דער הייליגסטער וואונש פון אלע יודען.

דעריבער טאַקע איז ביי די יודען, אפילו ביי זיינע גענגנער אויס געוואַקסען אַ שטאַרקע ליעבע צו איהם: יעדער יוד פיהלט, אז ער האָט איצט פערלוירען וועהר אַ טייערע זאַך; דער אכזר, דער מלאך־המות האָט ביי די יודען צוגענומען פריהצייטיג זעהר אַ געליבטען העלד; ניט באַלד קען מען זיך טרייסטען אויף אַזא׳נ׳ אבדה.

*

עס איז פאַראַן אַנ׳אַלטע טעאָרעטישע שאלה: צי דער העלד בעשאַפט די מאַסע, דעם המון וואָס געהט נאָך איהם נאָך, אָדער פאַרקעהרט, דער המון בעשאַפט דעם העלד? איצט פאַסט צושטעלען די שאלה אַזוי: צי דר. הערצל האָט בעשאַפען די ציוניסטען אָדער די ציוניסטען האָבען בעשאַפען דר. הערצל?

לויט דעם ווי איך האָב אויבען בעשטימט דאָס וואָרט „געליבטער העלד", דאַרף מען אפילו רעכנען, אַז ניט דר. הערצל האָט בעשאַפען די ציוניסטען און ניט די לעצטע האָבען איהם בעשאַפען. מיר ליעבען דעם העלד, ווייל מיר געפינען אין זיין קרעפטיגען ווילען די אָבשפיגעלונג פון אונזערע שוואַכערע ווילענס און מיר פער־איינינגען זיך מיט איהם אין דער שטרעבונג צוזערגרייכען די זאַך, וועלכע מיר ווינשען; בכן מוז דאָך שוין פון פריהער עקסעסטירען סיי דער ווילען פון דעם העלד, סיי די ווילענס פון דעם המון, וואָס פאָלגען איהם; פאַר אַ בעשאַפער דאַרף מען רעכענען נור דאָס גאַנצע לעבען, וועלכע ווירקט גלייך אויף דעם העלד און אויף זיין מאַסע, און מאַכט זיי פאַרטיג איינעם פאַר דעם צווייטען. ווען ניט, וואָ׳ט איינער לויפען פון צווייטען, מען וואָלט זיך נעגענזייטיג פערהאַסען און זיך ניט פעראייניגט. ווען די יודישע צרות און חרפה וואָלטען ביי יודען בכלל ניט רופען אַ שטאַרקען ווילען צו זעלבסטשטענדיגקייט, אָדער ווען די זעלבע סבות וואָלטען ביי דר. הערצלען ניט אַרויס רופען נאָך אַ שטאַרקערן ווילען צו דער זעלבסט־שטענדיגקייט, וואָלטען זיי בשום אופן ניט קענען פעראייניגען זיך אין ציוניזם.

נור דאָס איז נור אין פלוג; ווען מיר זאָלען אָבער די זאַך טיעפער בעטראַכטען, וועלען מיר זיך איבערצייגען, אַז אין אמת׳ן קומט אויס גאָר אַנדערש; אמת, ניט דר. הערצל האָט בעשאַפען דעם ווילען צו דער יודישער בעפרייאונג ביי די ציוניסטען ניט זיי האָבען דאָס ביי איהם בעשאַפען; זיי האָבען אָבער איינער דעם צווייטען, געגענ־זייטיג, איבערגעשאַפען.

פאַקטיש זעהט מען דאָס קלאָר אין דער קורצער געשיכטע פון ציוניזם: ביים בעגעגענען זיך, ביי דעם ערשטען קאָנגרעס, האָבעןביידע צדדים גלייך אַרויסגעזעהען, אַז אין עצם האָבען זייערע ווילענס איין ריכטונג; דער עיקר איז ביי ביידען די בע־פרייאונג פון דער יודישער נאַציע, און דעריבער האט זיך די גאַנצע מאַסע יודען, וואָס זענען געוועזען אויפ׳ן קאָנגרעס, גלייך צוגעבונדען צום דר. הערצל, זיי האָבען אין איהם גלייך געפונען זייער העלד, וואָס קען זיין אַלעמען אַ פיהרער אין זייער שטרעבונג צו דעם ציעל, דעם היים־געוואונשטען אידעאַל, פון וועלכען זיי חלומ׳ן די גאַנצע צייט פון דעם יודישען גלות. דר. הערצל פון זיין זייט האָט אויך גלייך דערזעהען אַז ער האָט אין זיי אַ פאַסינגען גרונד פאַר זיין בנין, ער האָט אין זיי גלייך געפונען דעם ברענענדיגען וואונש צו בעפרייונג, און האָט זיך איבערגעצייגט אַז ער קען זיי פאַר חברים צונעהמען אין זיין שטרעבונג; און די דאָזיגע איבערצייגונג האָט דעם העלד גלייך צוגעבונדען מיט אַ הייסער ליעבע צו דער גאַנצער מאַסע דערלעגאַטען,

וועלכע זענען געקומען אויף דעם ערשטען קאנגרעס און צו דער גאנצער מאסע יודען, וועלכע האבען די דאזיגע דעלעגאטען דעם כח געגעבען אויסשפרעכען זייער אלעמענס וואונש. דאס איז אבער געווען נור ביי דער התחלה, דערנאך אבער האבען זיך אנ־געהויבען סכסוכים צווישען דעם העלד מיט די דעלעגאטען, מען האט געמוזט מאכען פשרות, ביידע צדדים האבען געמוזט בייגען זייער ווילען, בכדי צוקענען האלטען זיך אין איינעם.

און אויף אזא׳נ׳אופן האט מען זיך געגעזזייטיג איבערגעשאפען: דר. הערצל פון דעם ערשטען קאנגרעס איז נאך גאר ווייט געווען פון דעם, וואס ער איז דער־נאך געווארען, און די ציוניסטען האבען זיך אויך אומ־געביטען פון קאנגרעס צום קאנגרעס: זיי האבען זיך איינס דאס אנדערע איבער געאנדערשט.

טעארעטיש קען מען דעם דאזיגען פאקט אויך דערקלערען, אז עס זאל קיין קשיות ניט בלייבען.

מען דארף אונטערשיידען צווייערליי העלדען און צווייערליי מאסע׳ס. עס איז פאראן א צושטערענדער העלד, א גאסען־העלד מיט זיין גאסען־המון, און אנ׳א־גאנ־ניזירינדער העלד מיט זיין ארגאניזירטער מאסע. די פעראייניגונג פון די ערשטע איז לחלוטין א נעגאטיווע, א לאר־זאך; די פעראייניגונג פון די צווייטע אבער איז א פאזי־טיווע, א הן־זאך.

דער צושטערענדער העלד ט־עפט געוואהנליך זיין גאסען־המון צופעליג, אין גאס. מחמת א געוויסען אופן פון לעבען איז סיי ביי דעם העלד, סיי ביי דעם המון אויסגעוואקסען איין סארט ווילען, דער ווילען צום צושטערן און צוברעכען. דער גאנצער המון איז אנגעלאדען, מיט דעם דאזיגען ווילען, ווי מיט עלעקטריע; די ווילענס פון דעם גאנצען המון קענען אבער ניט ארויסגעהען מכח אל הפועל, ווייל עס זענען פאראן מניעות: ביי איינעגע פערצוימט דעם וועג די זיטליכקייט, ביי אנ־דערע, די פורכט פא־ן שטראף, ווען אבער איינער צוברעכט די צוימען, טהוט ער א ציה דעם גאנצען המון נאך זיך, ווייל ביים מענשען איז שטארק דער אינסטינקט פון נאך־טהון דעם צווייטען; דעמאלס צוברעכט שוין דער גאנצער המון אלע צוימען, און יעדער ברעכט שוין פאר זיך, לויט זיין איינענעם ווילען און אויף זיין אינדיווי־דועלען, בעזונדערן אופן. דער העלד איז על פי מקרה געווען מעהר ניט ווי איין מאמענט א וועגווייזער א פיהרער פון גאנצע המון, באלד נאך דעם מאמענט טהיילען זיי זיך שוין אין בעזונדערע גרופען, און יעדע גרופע טהוט, וואס איהר געפעלט: איינע ברעכט, שלאגט שויבען, די אנדערע רויבט, די דריטע טהוט אנדערע שענדליכע זאכען.

דער גאסען־העלד קען זיין גאר א קליין מענשעלע: אפילו דער ווילען צום צושטערען, דער האס, קען ביי איהם אין אלע טעג פון א גאנ׳ץ יאהר זיין גאר שוואך; נור על פי מקרה איז ער אין דעם וויכטיגען מאמענט געווען מעהר עלעקט־רעזירט מיט האס, ער איז אפשר דעמאלס שכור אדער הונגעריג געווען, און דעריבער איז ער געווארען דער העלד פון דעם גאסען־המון; זיין העלדשאפט איז אזאך פון איין מאמענט, און אויף אזא קורצע צייט קען אפטמאל חאפען כח ביי דעם שוואכסטען מענשען.

דער גאסען־העלד בעשאפט ביי דעם המון גאר ניט, און דער המון בעשאפט ביי איהם גאר ניט, זיי איבערענדערן ניט לחלוטין איינער דעם צווייטען; זייער, פעראייניגונג

איז אויף איין מאָמענט, און אין אַזאַ קורצע צייט קענען זיי קיין קענטיגע פֿערענדע־רונגען ניט מאַכען אין זייערע ווילענס, אין זייערע שטרעבונגען.

דער גאַסען־העלד ליעבט ניט זיין המון און ניט דער המון ליעבט איהם; זייערע ווילענס גיסען זיך ניט צונויף אין איין שטראָם, זיי בייגען ניט איינס דאָס אַנדערע, זיי פֿערבינדען זיך ניט צונויף צווישען זיך, זיי בלייבען בעזונדערע זאַכען, ווי פֿריהער.

לחלוטין פֿאַרקעהרט אָבער איז דער אָרגאַניזירענדער העלד. אַן אָרגאַניזאַציע ווערט געמאַכט געוואָהנליך, בכדי צו שטרעבען מיט אַללגעמיינע כחות צו אַ געוויסען אידעאַל; אַן אידעאַל איז ניט אַ זאַך, וואָס מען קען אין איין מאָמענט דערגרייכען, דער צו מוז מען האָבען צייט. און בכן מוז דער אָרגאַניזירענדער העלד מיט דער אָרגאַניזירטער מאַסע זיין אין אַ לאַנג־דויערענדער פֿעראייניגונג. דער העלד מוז די גאַנצע צייט אַלע גרופּע'ס פֿון דער מאַסע, אַלע פּאַרטייען, אַלע ווילענס, האַלטען אונטער זיין איינפֿלוס. בכדי צו קענען האָבען אַן איינפֿלוס אַ לאַנגע צייט אויף אַ גאַנצער מאַסע, מוז ער טאַקע זיין אַליין אַ מענש מיט פֿעסטענסטען ווילען; ער מוז זיין אַ פּאָליטיקער, בכדי צו קענען שיצען די אָרגאַניזאַציע געגען איהרע געגנער; ער מוז זיין אַ רעדנער, בכדי צו קענען מיט דעם כח הלשון אין אַ וויכטיגען מאָמענט גובר זיין די געגנער אין אָרגאַניזאַציע גופֿא; ביים לאַנג־דויערענדען שאַפֿען און ווירקען צוזאַמען מוזען זיך בעגעגענען דער ווילען פֿון העלד מיט די ווילענס פֿון געגנער אין זיין מאַסע גופֿא; הגם דער עיקר פֿון אידעאַל איז ביי אַלעמען איינער, אָבער אין אייניגע פּרטים מוזען זיך מענשען אונטערשיידען צווישען זיך; ביים בעגעגענען זיך מוזען ביידע צדדים בויגען זייערע ווילענס, מען מוז פּשרות מאַכען, בכדי די אָרגאַני־זאַציע זאָל ניט פֿאַנאַנדער־פֿאַלען; ממילא איבערבעשאַפֿען דער העלד מיט דער מאַסע איינער דעם צווייטען, עס ווערט אין זיי קענטיגע פֿערענדערונגען. פֿון דער געגענ־זייטיגער איבער בעשאַפֿונג ווערט נאָך שטאַרקער די געגענזייטיגע ליעבע: מענשען האַסען איינע די אַנדערע, ווען זייערע ווילענס ברעכען איינע די צווייטע, ווען איינער צושטערט אין גאַנצען, דאָס וואָס דעם צווייטען איז טייער; ווען אָבער איין ווילען בויגט מעהר דעם צווייטען, און פֿערבינדט זיך מיט איהם אין דער שטרעבונג צו דער זעלבען טייערן אידעאַל, מוז נאָך די ליעבע שטאַרקער ווערען; עס ווערט אַ געפֿיהל. וואָס איז ענליך צום געפֿיהל פֿון קינדער צו עלטערן: דער העלד פֿיהלט, אַז די מאַסע האָט אין איהם בעשאַפֿען נייע כחות, און די מאַסע פֿיהלט, אַז דער העלד האָט אין איהר בעשאַפֿען נייע כחות: יעדער זעהט, ווי ער שפּיגעלט זיך אָב אין דעם צווייטען, ער זעהט דאָרט אין דעם שפּיעגעל זיינע אייגענע כחות, וואָס ער האָט בעשאַפֿען און ווערט דערצו צו געבונדען, ווי צו זיך אַליין; און ווען דער העלד ווערט אַן זיין מאַסע, אָדער די מאַסע ווערט אַן איהר העלד פֿיהלען זיי, ווי מען רייסט ביי זיי אויס אַ שטיק פֿון זייער אייגענעם האַרצען!

* * *

דער וועהטאָג פֿון דעם טויד פֿון דעם יודישען העלד דר. הערצל איז געוויס גרעסער ביי זיינע אַנהיינגער, נור זיינע געגנער וועלען איהם אויך ניט שנעל פֿערגעסען, און וועלען איהם שטענדיג מיט אַכטונג דערמאָנען. ניט דאָ איז דער אָרט צו בע־טראַכטען, צי זיין טויד איז נוצליך פֿאַר דעם עכטען יודישען נאַציאָנאַליזם, צי שעד־

ליך, דאָס הייסט: ער וואָלט ער פֿאַרפֿיהרען די יודען אויף אַ פֿאַלשען וועג צו אויף אַ גלייכען, נור על כל פנים איז ער אָרגאַניש מיט אַלע יודישע נאַציאָנאַליסטען פֿערבונדען געוואָרען, ניט נור אויף די גענגער זיינע אין ציוניסטישען לאַגער גופא האָט ער געהאַט אַנ׳איינפֿלוס, אַפילו זיינע געגנער אין אַנטיציוניסטישען לאַגער זענען מיט איהם אָרגאַניש פֿערבונדען געווען: זיי האָבען איינע די אַנדערע איבערגעאַנדערשט. זיי האָבען אויף איהם געוויס געווירקט, אַז ער זאָל זיך אין גאַנצען ניט אָוועקלאָזען נאָך די „מזרחים״: ער האָט מורא געהאַט מען זאָל דאַן ביי איהם דאָס יונגע פֿאָלק ניט אָבציהען, פֿאַרקעהרט זענען זיי מעהר נאַציאָנאַל געוואָרען, כדי ער זאָל אין גאַנצען ניט אָבציהען דאָס פֿאָלק. דאָס האָט זיך געמאַכט געוויס אינסטינקטיוו אָן פֿאַלשקייט פֿון ביידע זייטען, דערפֿאַר האָט די געגענזייטיגע אַכטונג ניט אויפֿגעהערט און דאַרף ניט אויפֿהערען.

בחי.

* * *

עֶס שָׁאקֶעלְט דָאס בּוֹימֶעל, זִיךְ הִין אוּן צוּרִיק —
עֶס וֶוערְט נִיט צוּבְּרָאכֶען — אַךְ וָואס אִיז דָאס גְלִיק?!
וָואס טויג אַזַא לֶעבֶּען? אִין שְׁטֶענְדִיגֶען שְׁרֶעק!
אַךְ אֵיינְמָאל אַ בְּרָאךְ — אוּן גֶענוּג, אוּן אֵיין עֶק!...

א. רֵייזֶען



# א ליעד אויס רומעניען.

„..... איהר פרעגט מיך, וואס הערט זיך? — וואס זאל איך אייך זאגען?
האט ביטער געקלאגט א רומענישער יוד: —
עס הערט זיך שוין ווידער דער יאמער, דאס קלאגען,
פון גלות דאס אייביגע אלטינקע ליעד...

„איהר זעהט מיך, מיך אלטען? — דאס בין איך פערבליבען
פון מיין קליין פאמיליע דערשלאגען, אליין;
איהר פרעגט, וואו מיין אלטע, מיין קינד איז געבליבען? —
איהר זעהט דארט אט יענעם פערבלוטיגטען שטיין?!...

„איהר זעהט דארט מצבות גאר פרישינקע, נייע
מיט בלוט און מיט טרעהרען די אותיות געקריצט?...
דאס ליגען הרוגים פון איין נאר לויה
פון מענשליכע ווילדקייט אויף אייביג געשיצט...

„און דארטען, אט זעהט איהר אפרישינקן קבר? —
דאס שלאפט זיך דער „העלד" אין זיין אייביגען ארט;
זיי האבען איהם מטמא געווען יעדען אבר
און איז דאך פערבליבען א היילינגער פארט...

„און דארטען אט זעהט איהר? נאך ווארימע לייכען,
געשטארבען אין שרעקליכע שמערצען און פיין. —
אך גאט! צי וועט שוין אט דער יאמער דערגרייכען
צו דיר אין דיין היילינגען מקום אריין?" —

ל. קושמאנן.





# ניקאָלאַי קאָנסטאַנטינאָוויטש מיכאַילאָווסקי.

---

I.

28-טען יאַנוואַר איז פּלוצים געשטאָרבען נ. ק. מיכאַילאָווסקי, איינער פון די גרעסטע פּובליציסטען אין דער רוסישער ליטעראַטור.

ווער עס ווייסט, וואָס פאַר אַ וויכטיגע ראָלע די פּובליציסטען שפּיעלען אין דער רוסישער ליטעראַטור, וועט לייכט בעגרייפען דעם טרויער פון דער רוסישער געזעלשאַפט, ווען זי האָט זיך דערוואוסט פון מיכאַילאָווסקי'ס פּלעצליכען טויט. דער רוסישער אינטעליגענטער לעזער איז שוין פון גאַנץ לאַנג ווי צוזאַמענגעוואַקסען מיט דער גייסטיגער פּערזענליכקייט פון פערשטאָרבענעם פּובליציסט. צוויי דורות, קען מען זאָגען בלי גוזמא, האָבען זיך ענטוויקעלט אונטער דער פיהרונג פון זיין גייסט, דען אין די 45 יאָהר פון זיין ליטעראַרישער טהעטיגקייט האָט ער קיין איין מאָל ניט אויפגעהערט צו זיין דער לעהרער, בעראַטהער און גייסטיגער פיהרער פון זיין צייט.

די דאַנקבאַרע נאַציע האָט איהם בעקרוינט און בעציערט מיט אַלערליי הויכע טיטלען, ווי זי טהוט עס געוועהנליך מיט יעדער בעליעבטער געשטאַלט. ביים רוס אין די אויגען איז מיכאַילאָווסקי אַ פילאָזאָף, אַ סאָציאָלאָג, דער גרעסטער ליטעראַטור-קריטיגער, דער דענקער. וואָס האָט געגעבען דער רוסישער דעמאָקראַטישער בעוועגונג אין די 60-70-ער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט אַ גאַנצע, פערענדיגטע טעאָריע; אין איהם זעהען די רוסען דעם גרויסען ערציהער פון דער אינטעליגענץ, דעם גרויסען געלעהרטען, געוואַלטיגען בקי אין אלע חכמות און וויסענשאַפטען, דעם גרעסטען מענשענפריינד און דאָס אידעאַל פון הויכען מאָראַלישען לעבען. זיינע פערעהרער ווערען ניט מיעד צו דערצעהלען זיינע שבחים, און אַפילו די, וואָס זענען ניט איינשטימיג מיט זיינע מיינונגען, בייגען דעם קאָפּ מיט טיעפער אכטונג פאַר דעם הדרת פנים מיט דעם הויכען דענקער-שטערן און די העל-בלויע קלוגע אויגען פון זייער גרויסען געגנער.

דאָס לעבען אין רוסלאַנד האָט אין די לעצטע 40 יאָהר עטליכע מאָהל זיך געבראָכען און שטאַרק זיך פערענדערט. מ'קען זאָגען, אַז יעדער צעהנדלונג יאָהרען שטעלט-פאָר אַ בעזונדערע עפּאָכע אין רוסישען גייסטיגען לעבען. און דאָך איז מי-

כאילאָווסקי, ניט קוקענדיג דערויף, ניט געבליעבען שטעהן הינטער די פּאָדערונגען פון זיין צייט. ער איז איהר שטענדיג נאָכגעגאַנגען און האָט שטענדיג געהאַלטען מיט אַ טריט ווייטער, אַלס דער גרעסטער טהייל פון זיינע צייט־חברים. ביז׳ן לעצטען טאָג פון זיין לעבען האָט זיך ביי דער רוסישער אינטעליגענץ ניט געמינדערט דער אינ־טערעס צו זיינע ליטעראַרישע ארבייטען, און יעדעס מאָל, ווען אין לאַנד האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייע גייסטיגע בעוועגונג, האָבען זיינע געגנער, ניט ווענינער אַלס זיינע פּערעהרער, מיט אונגעדולד געוואַרט אויף מיכאילאָווסקי׳ס וואָרט, ווי אויפ׳ן איינציגען אינטערעסאַנטען פּרוש, וואָס וועט אויפדעקען דעם זינען, די אָבערפלעכליכקייט און טיעפקייט, פון דער נייער בעוועגונג.

אין אַ געוויססען זיננען קען מען די בעדייטונג פון מיכאילאָווסקי׳ן פאַר רוסלאַנד פערגלייכען מיט׳ן ווערטה פון לעסינגען פאַר דייטשלאַנד צוריק מיט 130 יאָהר. ניקאָלאַי קאָנסטאַנטינאָוויטש איז געוועזען איינער פון די גרויסע פערשפרייטער פון בילדונג און אויפקלערונג אין רוסלאַנד אין דער עפּאָכע, ווען דאָס לאַנד האָט אָנ־געהויבען ערוואַכען צו בעוואוסטזיניגען קולטור־לעבען, ווי לעסינג איז עס געוועזען אין דייטשלאַנד.

---

## II.

נ. ק. מיכאַילאָווסקי איז אריינגעטרעטען אין די ליטעראַטור צו דער צייט, ווען אין רוסלאַנד איז אָבגעשאַפט געוואָרען די לייב׳אייגענשאַפט (קרעפּאָסטנאָיע פּראַוואָ). דאָס רוסישע פאָלק האָט זיך דעמאָלט מיט אַמאָל אָבגעזאָגט פון די אַלטע, אָבגעּ־לעבטע דרכים, פון דער פּאַטריאַרכאַלער לעבענספיהרונג, און האָט זיך גענומען אויס־בילדען ביי זיך אַ מאָדערנעם נאַציאָנאַל־שטאַט (גאָסודאַרסטוואָ).

שוין פיעל פריהער, בעזונדערס אין דיא 40־ער יאָהרען, האָט זיך אָנגעהויבען אין רוסלאַנד אַ גייסטיגע בעוועגונג, וואָס האָט פּערלאַנגט די בעפרייאונג פון פּער־קנעכטעטען פּויער. ביעלינסקי, הערצען און טורגעניעוו, ווי אויך די ברידער קירע־יעווסקי, אַקסאַקאָוו, חאָמיאַקאָוו און פיעלע אַנדערע און קלענערע, האָבען געוועקט און געמונטערט די פערשלאָפענע געפיהלען ביי דער רוסישער אינטעליגענץ און זיך בעמיהעט צו דער הויבען זי צו די פאָדערונגען פון אַ נאַציאָנאַלער קולטור. די לייב־אייגענשאַפט, דער פונדאַמענט פון אַלטען, פּאַטריאַרכאַלען לעבען, האָט ארויסגערופען ביי די בעסטע פּערטרעטער פון רוסישען פאָלק דעם טיעפסטען פּאַט־יאָטישען האַס. זיי האָבען געפיהלט, אַז כל זמן זייער אָרמער ברודער, דער רוסישער פּויער, וועט אויפוואַקסען און זיך ערציעהען אַלס קנעכט, וועט דאָס רוסישע פאָלק אויף קיין פאַל ניט קענען דערגרייכען צום צושטאַנד פון אַ מאָדערנעם קולטורפאָלק, דען די היינטיגע קולטורפעלקער בויען זייער לעבען אויף דער פרייהייט און פולרעכטיגקייט אין שטאַט פון יעדען איינציגען בעזונדער; דאָרטען אָבער, וואו צוויי דריטעל פון פאָלק פוילען אין קנעכטשאַפט, איז אויך די פרייהייט פון לעצטען דריטעל אויבערפלעכליך און אונזיכער. ווי געזאָגט, איז דאָס פאָרגעקוממען נאָך אין די 40־ער יאָהרען, נור ערשט אין די 60־ער הויבט רוסלאַנד אָן אויף אנ׳אמת אָנצונעהמען די ערשטע פאָרמען פון אַ מאָדערנעם נאַציאָנאַלשטאַט.

ניט דאָ איז דער אָרט צו ענטוויקלען די פּרינציפּיעלע אונטערשיעדען צווישען אַ פּאַטריאַרכאַל־און נאַציאָנאַל־שטאַט, צווישען פּאַטריאַרכאַלער און נאַציאָנאַלער קולטור, צווישען אַ פֿאָלק, וואָס לעבט לויט אַלטע, איינגעוואָרצעלטע און פערגליווערטע טראַדיציעס, און צווישען אַ נאַציע, וואָס בערייכערט זיך יעדען טאָג מיט נייע אידעען און פאָרמען, אונטער דעם איינפלוס פון וועלטליכען, אינטערנאַציאָנאַלען לעבען.

מיר קענען נור זאָגען אין קורצען, אז א פּאַטריאַרכאַליש פֿאָלק לאָזט ניט צו פון דרויסען קיינע איינפליסע צו זיך. אַזאַ פֿאָלק איז ווי אַרומגעצוימט מיט אַ חינעזישער וואַנד, ווי בעוואַקסען מיט אַ דיקער שאָל פון אַלטע, איבערגעלעבטע געוואהנונגען און טראַדיציעס, איז כמעט ניט מסוגל אַריינצוטרעטען אין עפּעס אַ נעהענטערן פערקעהר מיט אַנדערע פֿעלקערגרופּען און ענטוויקעלט זיך זעהר לאַנגזאַם. קוים מערקליך פֿאַר'ן געוועהנליכען היסטאָרישען בליק. די בעציהונגען פון יעדען מיטגליעד אין אַזאַ פּאַטריאַרכאַלער געזעלשאַפט געהען ניט אַריבער דעם תחום פון זיין אייגענעם פֿאָלק. אַ גלענצענדע אילוסטראַציע צו דעם אַלעמען געפינען מיר ביי אַבראַמאָוויטשען אין „ווינשפינגרל", וואו ער שילדערט די פּסיכאָלאָגיע פון יחיד אין פֿאָלק, וועלכעס געפינט זיך אין פּאַטריאַרכאַלען צושטאַנד.

אומגעקעהרט, פֿאַר אַ פֿאָלק מיט אַנאַציאָנאַלער קולטור איז חאַראַקטעריסטיש די פעהינקייט איבערצונעהמען אידעען און געזעלשאַפטס'פאָרמען פון אויסען, פון אַנדערע פֿעלקער. אַזא פֿאָלק האָט די ברייטעסטע בעציעהונגען צו אַנדערע נאַצי'עס. סיי גייסטיג, סיי מאַטעריעל שפּאַנט עס אַריבער די אייגענע גרעניצען און מישט־אוי'ס זיין קולטור מיט פרעמדע קולטורען. פּונקט ווי זיין האַנדעלסמאַרק שטעהט אין נאָהענטער פערבינדונג מיט'ן וועלט'מאַרק, אַזוי איז אויך זיין גייסטיג פערמעגען אַ געמיש פון אינטערנאַציאָנאַלע געדאַנקען, אידעען, שטרעבונגען און פאָרמען, לענדער מיט נאַציאָנאַלער קולטור בעריהרען זיך אין טויזענדער פּונקטען, זענען ענג פערבונדען גייסטיג און מאַטעריעל און ווירקען איינעם אויפ'ן צווייטע, ווי פערשיעדענע גליעדער אין איין אָרגאַניזם צוזישען זיך. אויב פּאַטריאַרכאַל־קולטור איז אַ סינאָנים (דאָס זעלבע) פון קאָנסערוואַטיזם און בעוועגונגס'לאָזיגקייט, — איז פֿאַר נאַציאָנאַל־קולטור האַראַקטעריסטיש די שטרעבונג צו פאָרטשריט און ווייטערע ענטוויקלונג. מיט אַנדערע ווערטער: יעדעס פֿאָלק, וואָס ציינט אונז די סמנים פון לעבהאַפטער ענטוויקלונג אין דער ריכטונג פון ניעדריגערע לעבענס'פאָרמען צו העכערע, איז צוגלייך אַ פֿאָלק מיט אַנאַציאָנאַלער קולטור. די רוסען און יאַפּאַנער, זייט די 60־ער יאָהרען פון פֿאָריגען יאַהרהונדערט. קענען אונז דיענען דערצו אַלס חאַראַקטעריסטישע ביישפּיעלען.

---

### III.

די איבערגאַנגס'עפּאָכע פון פּאַטריאַרכאַלען צושטאַנד צו נאַציאָנאַל־קולטורעלען איז פֿאַר איטליכען פֿאָלק פֿול מיט שמערצען און אַלערליי גייסטיגע ליידען. אַלע היינטיגע גרעסערע נאַציעס האָבען דאָס שוין אַמאָל דורכגעמאַכט. און ביי אַלעמען איז דאָס געווען אַ בייזע, אונרוהיגע, קראַנקע צייט. וואָס שפּעטער דעם פֿאָלק קוממט־

אויס דורכצומאַכען דעם איבערגאַנג. אַלץ שווערער און שמערצליכער קומט עס איהם אָן. טויזענדער פֿרעמדע אידעען, שטרעבונגען און נייע געזעלשאַפֿטס־פֿארמען רייסען זיך פלוצים אריין אין פֿאָלקס׳לעבען און מאַכען דארט אָן, צו דער ערשטער צייט, אַנאַנצע בהלה. נאָכ׳ן ערשטען ט־יט אויפ׳ן וועג פֿון ווייטערער ענטוויקלונג, איז דאָס פֿאָלק ניט אימשטאַנד די אַלע נייעסען מיט איין מאָל צו פֿערדייען. די אינטע־ליגענץ, די איינצעלנע גייסטיג־העכע־ע מיטגליעדער פֿון פֿאָלק שטעהען ווי אונטער אַ האַגעל פֿון נייע אידעען, ווערען צעמישט און קענען אַ צייט לאַנג ניט געפֿינען די ריכטיגע פֿארם ווי־אַרום צונויפֿשמעלצען דאָס פֿרעמדע־נייע מיט׳ן איינענעם־אַלטען, ווי אויסצונוצען די פֿרעמדע איינפֿליסע אויף אַזאַ׳ן אַרט, זיי זאָלען ניט קומען אין ווידער־שפרוך מיט די געבוירענע און היסטאָריש־נויטווענדיגע זעלען׳איינענשאַפֿטען פֿון זייער פֿאָלק. אָפֿט־מאָל דערגרייכט די צעטומלונג און צעמישונג אַזוי ווייט, אַז די אינטעליגענץ, ניט האָבענדיג פֿאַר זיך קיין קלאָרען ציעל, פֿאַלט־אריין אין אַ מרה־שחורה אָדער לאָזט זיך אריין אין משונענע פלעגער און פֿאַנטאַסטישע אונטערנעה־מונגען. איהר לאַנגע קען מען פֿערגלייכען צו דער לאַנגע פֿון אַ געוויקס, וועלכע מען האָט אַ־יבערגעפֿלאַנצט פֿון אַ שטעהענדען זומפּף אין אַ פֿליסענדען טייך. איטליכע היואַלע ברענגט מיט זיך פֿערשיעדענע נאָה־ונגס׳מאַטע־יאַלען צוזאַמען מיט פֿערשיע־דענע גיפֿטען, און איידער די פֿלאַנץ לערנט זיך אויס אונטערצושיידען דאָס נוצליכע פֿון גיפֿטיגען, לעבט זי דורך קריטישע, קרענקליכע צייטען.

אַט אין אַזעלכע ק־יטישע צייטען, ווען די אינטעליגענץ פֿערליערט זיך אין אַרומיגען תוהו ובוהו (חאַאָס), הויבען זיך אויף איבער איהר מאַסע איינינע העכערע, לויטערערע קעפּ, וואָס זענען אימשטאַנד זיך צו אָריענטירען צווישען די פֿיעלע און וויכטיגע איינפֿליסע און אונטערצושיידען דעם קערן פֿון דער שטרוי. זיי זענען גע־בענשט מיט דער פֿעהינקייט אויסצומעסטען די קראַפֿט פֿון יעדען איינפֿלוס בעזונדער, גיכער אויסצוגעפֿינען דעם ריכטיגען היסטאָ־ישען סדר פֿון די פֿרעמדע אידעען און פֿאָרמען, זיכערער אָבצושאַצען און צו בעשטימען, וואָס עס פּאַסט ווירקליך צו צום היסטאָ־ישען פֿאָלקסגייסט, און וועלכעס איז אַ פּרינציפּיעלע אָדער פּסיכאָלאָגישע סתירה אין האָט נור אַנ׳אויבערפֿלעכליכען ווערטה.

אָט די דאָזיגע געהויבענע מענשען ווערען ממילא די פֿיהרער און בעראַטהער אין דער איבערגאַנגס׳עפּאָכע. זיי דריקען אַרויף אויף איהר דעם שטעמפּעל פֿון זייער קריטישען גייסט און בעשטימען אויף דורות־לאַנג דעם כאַ־אַקטער פֿון זייער נאַציע. זיי ציהען־איבער אַ בריק׳ פֿון אַלטען ברעג צום נייען און פֿיהרען־אַריבער דאָס פֿאָלק דורך זיין הילף, ניט איבעררייסענדיג דעם בונד מיט די פֿריהערינע דורות. זיי געבען אויך אכטונג אויף דער פֿאָלקסזעלע, זי זאָל חלילה ניט ליידען קיין ערנסטען שאָדען דורך דעם ווילדען אַנדראַנג פֿון פֿרעמדע אידעען און פֿרעמדע קולטורען. אַזעלכע פֿיהרער זענען די אידעאַלע פֿאַ־שטעהער פֿון זייער פֿאָלק.

---

## IV.

נ. ק. מיכאַילאָווסקי האָט אין דער איבערגאַנגס עפּאָכע, אין וועלכע רוסלאַנד האָט אריינגעט־אָטען זייט 1861־טען יאָהר, געשפּיעלט די ראָלע פֿון אַ אידעאַלען

פֿאַרשטעהער פֿון זיין פֿאָלק. ער איז גלייכצייטיג געווען דער בריקענבויער, ווי אויך דער היטער און שירמער פֿון דער רוסישער פֿאָלקס'זעלע. איינער אַ רוסישער קריטיקער פֿערגלייכט איהם צום צאָלבעאַמטען ביי דער גרענץ, וועלכער לאָזט ניט אַריין אין לאַנד קיין אויסלענדיש פעקעל, ביז ער פֿאָרשט ניט אויס, ווי געהעריג, וואָס אין פעקעל געפֿינט זיך. אַלע אויסלענדישע אידעען, טעאָריען און גייסטיגע בעוועגונגען, וועלכע זענען אריינגעדרונגען אין רוסלאַנד צו מיכאַילאָווסקי'ס צייט, האָבען זיך בעגעגענט מיט זיין פֿאָרשענדען קריטישען בליק. צוערשט איז ער ארויסגעטרעטען געגען ספענסער'ס אַנזיכטען, מיט וועלכע די דעמאָלטדיגע רוסישע אינטעליגענץ האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט. פֿאַר ספענסער'ן איז די געזעלשאַפֿט אַן'אָרגאַניזם און ענטוויקעלט זיך דורך דער אונטערגעבענהייט און אונטערטהעניגקייט פֿון איהרע איינציגע טהיילען דעם גאַנצען געזעלשאַפֿטליכען קערפער. פֿון דאַנען איז שוין ממילא געדרונגען, אַז איינע גרופען און קלאַסען פֿון פֿאָלק זענען העכער און וויכטיגער פֿאַר דער געזעלשאַפֿט, אַנדערע — ניעדריגער. מיכאַילאָווסקי האָט איינגעזעהן, אז אין יענער צייט, ווען פֿיעלע פֿון די רוסישע ערדבעזיצער האָבען זיך פאַסיוו געוועהרט געגען די נייע רעפֿאָרמען, האָט אַ צו־פֿריהער אַריסטאָקראַטיזם, אַ גרינגשעצונג און ניט־אַכטונג צום פראָסטען פֿאָלק, געקענט זיין זעהר געפֿעהרליך, — און איז אַרויס געגען ספענסער'ס אַנשויאונגען מיט די שאַרפֿסטע וואָפֿען פון זיין קריטיק. — דאַרווין האָט בעוויזען, אַז אין דער גאַנצער וועלט, ווי אויך אין מענשליכער געזעלשאַפֿט, הערשט אַ געזעץ, וועלכעס ער האָט אָנגערופֿען: „דער קאַמפף פֿאַר'ן לעבען". דורכ'ן קאַמפף פֿערבעסערט זיך דער טיפ פֿון די לעבענדיגע בעשעפֿענישען, ווייל עס פֿערבלייבען נור די שטאַרקסטע, די קלוגסטע, די פֿעהיגסטע, אין דער צייט ווען די שוואַכערע, וואָס זענען ווייניגער צוגעפאַסט צום קאַמפף, שטאַרבען־אויס. איניגע נאָכפֿאָלגער דאַרווינ'ס האָבען געוואָלט אַנווענדען זיינע געדאַנקען אין גראַבען אופֿן אויפֿן לעבען פֿון מענשליכען כלל און אַרויסשטעלען דעם „כל דאַלים גברי" אַלס איינציגע לעבענסרעגעל, — מיכאַילאָווסקי האָט פּאָלעמיזירט מיט דער גרעסטער היץ אויך מיט זיי. ער האָט קריטיקירט די טעאָריען, וועלכע לייגנען־אָב די ווילענספֿרייהייט אין דער מענשליכער געזעלשאַפֿט. אין דער זעלבער צייט האָט ער געקעמפֿפֿט געגען פֿאַלשען פּאַטריאָטיזם, וואָס האָט ניט געוואָלט לערנען פֿון אַנדערע פֿעלקער, געגען די סלאַוואָפֿילען, וועלכע האָבען געפּרעדיגט, מ'זאָל שטיצען די אַלטע, אָבגעלעבטע ווירטשאַפֿטס'פֿאָרמען פֿון דער רוסישער בויערנקלאַסע.

אין זיין בוך: „די העלדען און די מאַסע" האָט ער געוועקט די ליכטיגסטע האָפֿנונגען ביי דער צעטומעלטער, דערשלאָגענער אינטעליגענץ. דען די אינטעליגענץ איז געווען פֿערצווייפֿעלט. זי איז געשטאַנען פֿאַר אַ גרויסער מאַסע, וואָס האָט הונדערטער יאָהרען געלעבט אין קנעכטשאַפֿט און אין אונוויסענהייט, און זי האָט פֿערלאָרען די האָפֿנונג אויפֿצובלאָזען אין אָט־דער קנעכטישער מאַסע חאָטש אַ פונק פֿון פּאָליטישער פֿרייהייט און אַכטונג צו זיך. די אינטעליגענטען האָבען זיך געפֿיהלט פֿערשולדיגט ביז איבער'ן קאָפּ געגען פֿאָלק, וועלכעס האָט פֿערלאָרען זיין פֿרייהייט צוליעב זייערע אייגענע טאַטעס און זיידעס. עס זענען דעמאָלט אַרומגעגאַנגען טוזענדער „איידעללייט—בעלי־תשובה", ווי מיכאַילאָווסקי האָט זיך אויסגעדריקט, וואָס האָבען געוואָלט בעצאַהלען זייער חוב, נור זיי האָבען ניט געפֿיהלט אין זיך דעם כח אַנצו־

הויבען די לאנגזאמע ארבייט פאר׳ן פאלק, וואס פאדערט קליינע שטענדיגע אפפער און צייט פון פיעלע דורות. זייערע איידעלע חרטה געפיהלען האבען זיי געטריעבען צו א טהעטיגקייט פאר׳ן פאלק, און אזוי ווי צו לאנגזאמער ארבייט האט זיי געפעהלט קראפט, האבען זיי גע׳חלומ׳ט וועניגסטענס זיך העלדיש צו אפפערן פאר׳ן פאלק.

מיכאילאווסקי האט צעשלאגען די נארישע חלומות פון דער אינטעליגענץ און איהרע ניט-ריכטיגע פארשטעלונגען וועגען דער מאסע. אין זיין בוך: „די העלדען און די מאסע“ ענטוויקעלט ער אנ׳אריגינאלע, שארפזיניגע טעאריע וועגען די ביידע בע־גריפען, דער „העלד“ און די „מאסע“ זענען ניעדריגע פראדוקטען פון אמענשליכער געזעלשאפט, וועו זי לעבט און ענטוויקעלט זיך איינזייטיג, איינפארמיג און קראנקהאפט. וואס ענגער און קנעכטישער אפאלק לעבט, אלץ לייכטער בילדעט זיך אין איהם א מענשענמאטעריאל מיט א מאסענגייסט. וואס ברייטער, רייכער און פרייהער דאס לעבען פון פאלק איז, אלץ קלענער איז די צאהל מענשען אין איהם, וואס פער־דיענט דעם נאמען „המון“, מאסע. דען די מאסע, דער המון, האט קיין איינענעם ווילען, געהט־ארום ווי היפנאטיזירט, ווי א נאכטוואנדלער, און קען ווערן נעפיהרט פון יעדען יונגעל, פון יעדען שווינדלער, און מאנכמאל ווערט זי געפירט פון פונקט אזא נאכט־וואנדלער, ווי זי אליין איז. וואס ענטוויקעלטער אבער א פאלק איז, אלץ גרעסער איז אין איהם די צאהל מענשען, וואס האבען אנ׳איינענעם ווילען, איינענע אנשוי־אונגען און שטרעבונגען, — אלץ קלענער איז דיא צאהל פון נאכטוואנדלער אין איהם, אלץ שווערער ווערט עס דעם שווינדלער צו פיהרען דאס פאלק נאך זיין ווילען.

דארט, וואו עס עקזעסטירט א המון אין אויבענדערקלערטען זינען, איז ניט שווער צו זיין א „העלד“, א פיהרער פון דער מאסע. אפטמאל שטעהט דער העלד אויף דער זעלבער ניעדריגער שטופע, וואס די מאסע אליין. „העלד“ און „מאסע“ אלס געזעלשאפטליכע ערשיינונגען, זענען קראנקהאפטע ערשיינונגען; אין אפרייער ענט־וויקעלטער געזעלשאפט טארען זיי זיך ניט נעפינען, און ווען עס בעווייזען זיך בלינדע מאסען, געפיהרט פון „העלדען“, איז עס א סימן, אז דאס פאלק איז פערקנעכטעט, ניט פריי, קראנק.

מיכאילאווסקי׳ס ווייטערע ווערק: „די פאטאלאגישע מאגיע“ און „דער קאמפף פאר דער אינדיווידואליטעט“, *) וואס ענטוויקלען פיעל טיעפער די הויפטגעדאנקען וועגען „העלדען און מאסען“, האבען דערמוטהיגט די רוסישע אינטעליגענץ צו די אונדאנק־בארסטע ארבייטען פאר׳ן פראסטען, ארעמען פאלק. אין די אלע דריי ווערק האט ער צעשלאגען די פאלשע און געפעהרליכע פארשטעלונג, וואס די אינטעליגענץ האט געהאט וועגען דער גרויער פאלקסמאסע; ער האט ערניעדערט דעם „העלד“ אין דער געשיכטע, אום צו דערהויבען די איינפאכע, קליינע, אונבעמערקטע ארבייט פון מיטעלען ערליכען בילדונגס׳פערשפרייטער און קולטור פערברייטער אין לאנד.

אין די 90-ער יאהרען האט מיכאילאווסקי געשטריטען מיט דער מארקסיס־טישער טעאריע, מיט דער תורה, וואס איז בעשאפען געווארען צווישען די פאבריק־קוימענס פון ענגלאנד: זי פאסט אפשר פאר די לענדער, וואו עס איז ענטוויקעלט

*) איבער מיכאלאווסקים הויבט-ווערק וועל איך פאר „די יודישע צוקונפט“ נאך א ספעציעלען ארטיקעל שרייבען.

די פֿאַבריק־אינדוסטריע אויפֿ׳ן העכסטען אופן, ניט אָבער פֿאַר רוסלאַנד, וואו דער גרעסטער טהייל פֿון פֿאָלק לעבט פֿון ערדאַרבייט און לאַנדווירטשאַפֿט.

אין די גאַנצע 45 יאָהר פֿון זיין ליטעראַרישער אַרבייט פֿיהרט מיכאַילאָווסקי דורך איין גרונדגעדאַנק: די וויסענשאַפֿטליכע וואַהרהייט האָט נור דעמאָלט פֿאַר׳ן מענשען אַ ווערטה, ווען זי שטעהט ניט אין ווידערשפּרוך מיט אונזער נ ע ר ע כ ט י ג־ק י י ט ס׳ ג ע פֿ י ה ל. דערמיט ניעט ער זיינע צייטגענאָסען אַ רעגעל, ווי צו נעפֿינען אַ ווענ אין חאַאָס פֿון די טויזענדער אידעען און „וואַרהייטען“, וואָס דרינגען אריין אין די רוסישע נאַציאָנאַלע קולטור.

זיין געליעבטער שפּרוך איז געווען: „די לויטערקייט פֿון דער זעלע, אָהן בילדונג און וויסענשאַפֿט, איז שוואַך און מאַכטלאָז; בילדונג און וויסענשאַפֿט, אָן אַ טיעפֿען גערעכטיגקייטס׳געפֿיהל, זענען שטיינער, וועלכע דאָס פֿאָלק וועט קיינמאָל פֿערדייען. נור די „וואַרהייט“ איז די ריכטיגע, אין וועלכער עס פֿעראייניגען זיך דער אָביעקטיווער אמת פֿון אונזער פֿערשטאַנד מיט׳ן אינוועניגסטען, סוביעקטיווען אמת פֿון אונזער האַרצען. דער וויסענשאַפֿטליכער אמת, איז אַ ווידערשפּרוך צו אונזער מאָראַלישען געפֿיהל, איז נור אַהאַלבער אמת“.

און דאָס זענען ביי איהם ניט נור ווערטער געווען. זיין גאַנצעס לעבען האָט ער נעשטרעבט צו דענקען אוןווירקען לויט דער אייבינער רענעל. און דעריבער האָבען מיכאַילאָווסקי׳ס געדאַנקען אַ ווערטה אפילו דעמאָלס, ווען ער איז זיך טועה, דען אויך דרך זיינע טעותים קוקט־דורך די שטרעבונג „גערעכט און וואַהר“ צו זיין.

V.

פֿאַר׳ן יודישען לעזער האָט מיכאַילאָווסקי אַ ספּעציעלען ווערטה. ניט זיין קריטיק נעגען ספּענסער׳ן, ניט זיין טעאָריע וועגען דער מאַסע און די העלדען, אויך ניט זיין פּאָלעמיק מיט׳ן מאַרקסיזם מאַכען איהם פֿאַר אונז אינטערעסאַנט און טהייער. די זעלבע געדאַנקען קענען מיר געפֿינען ביי שרייבער און דענקער פֿון אַנדערע פֿעלקער, און נאָך אין אַ פֿיעל קלערערען אופן. פֿיעלע פֿון די דאָזיגע פֿראַגען זענען פֿיעל טיעפֿער און פֿיינער בעהאַנדעלט געוואָרען פֿון נעאָרג זימעל. וועלכער איז, אַלס יוד פֿיעל נעהענטער צו אונזער דענקונגס׳אַרט דורך זיין יודישען חריפֿ׳י׳שען קאָפּ.

מיכאַלאָווסקי׳ס גייסטיגע פּערזענליכקייט ציהט אונז צו זיך גאָר צוליעב אַן׳אַנדער אורזאַך. פֿאַר אונז, נאַציאָנאַל־יודען, איז מיכאַילאָווסקי דער ריינער אויסדרוק פֿון דער גייסטיגער שטימונג פֿון אַ פֿאָלק, ווען עס טרעט אַרויס פֿון פּאַטריאַרכאַלען לעבען און הויבט אָן צו שאַפֿען אַ נאַציאָנאַלע קולטור.

אין מיכאַילאָווסקי׳ן זעהען מיר דעם קאָלעקטיווען ווילען, דער כלל־רצון פֿון דער רוסישער אינטעליגענץ, בעת זי האָט געעפֿענט איהר זעלע אויפֿצונעהמען די וויטעסטע קולטור־אידעען און דערביי זיך אָבגעהיט ניט צו פֿערליערען די אייגענע פֿאָלקספיזיאָנאָמיע, דעם אייגענעם היסטאָרישען פֿאָלקס׳כאַראַקטער. אין מיכאַלאָווסקי׳ס ווערק לערנען מיר דעם קאַמפּף, וואָס עס מאַכט־דורך יעדעס פֿאָלק צו דער צייט, ווען עס מוז צושטעהן צו דער אַלגעמיינער קולטור און וויל דערביי ניט פֿערליערען זיין אייגענע.

מיר יודען לעבען איצט דורך דעם זעלבען צושטאנד. אונזער לאגע איז נאך טויזענד מאל שווערער, דען עס פעהלען אונז די נאטירליכע מאטעריעלע גרעניצען און די פרעמדע איינפליסע קומען נאך מיט אגרעסערער מאכט, ווי ביי די פעלקער, וואס האבען אנ׳אייגען טעריטאריום. דערום איז אונז ליעב, טהייער און נאהענט צו׳ם הארצען איטליכע פאלקס׳שטימונג, וועלכע שפיגעלט־אב דעם זעלבען קאמפף, וואס מיר מאכען היינט דורך. דעריבער איז אונז אויך ליעב און נאהענט נ. ק. מיכאילאווסקי׳ס לעבענס׳ווערק, אין וועלכען דיעזער קאמפף האט בעקומען אזא שטארקען און רייכען אבקלאנג.

ניט אלס צו אונזער פיהרער גערהען מיר צו מיכאילאווסקי׳ן, נור אלס צו דעם מענשען, וואס האט אמאל דאס זעלבע איבערגעלעבט, וואס מיר היינט. אונזער פיהרער מוז פון אונזער אייגענעם פאלק קומען. מיכאלאווסקי׳ס ווערק זענען פאר׳ן נאציאנאל־יודען דאס זעלבע, וואס די ליעדער פון גרויסען פאעט פאר דעם פער־ליעבטען. וויל מען אבער די געליעבטע געווינען, מוז מען קומען מיט א י י ג ע נ ע ליעדער.

בעל מחשבות.

# מ י ר ע ל ע.

(פאלקס־מאטיוו).

---

דער קרעמערקעס דבורה׳לעס טעכטעריל הייסט
שיין מירעלע, מירעלע ;
און דבורה׳לע זאגט, אז איהר איינציגע טרייסט
איז מירעלע, מירעלע.
די זון שיינט ביי טאג, די לבנה ביי נאכט
און מירעלע שטעהט ביי דעם פענסטער און לאכט...
לאך, מירעלע, מירעלע !...

דאס מירעלע איז חנ׳דיג, צוקערדיג, שיין ·
זי האט ווייסע הענטעליך, חייסענקע ציין, —

דִי יוּנְגְלִיךְ וָוערֶען פַאר בֶּענְגְשַׁאפְט אַזְשׁ וַוייס,
נוּר מִירֶעלֶעס הֶערְצֶעל אִיז קַאלְטֶער פוּן אַייז...
אַיי, מִירֶעלֶע, מִירֶעלֶע !...

פַאר מִירֶעלֶעס פֶענְסְטֶערְלִיךְ דְרֶעהֶען זִיךְ אַרוּם —
דִי פַיינְסְטֶע בָּחוּרִים׳לִיךְ שְׁוַויינֶענְדִיג שְׁטוּם —
דִי זוּן שַׁיינְט בַּיי טָאג, דִי לְבָנָה בַּיי נַאכְט
אוּן מִירֶעלֶע שְׁטֶעהט בַּיי דֶעם פֶענְסְטֶער אוּן טְרַאכְט...
טְרַאכְט, מִירֶעלֶע, מִירֶעלֶע !...

עֶס פְלִיהֶען נוּר זִיפְצֶען צוּם הִימֶעל אַרוֹיף...
עֶס נֶעמְט נִיט־קֵיין עֶסֶען, עֶס נֶעמְט נִיט־קֵיין שְׁלָאף...
עֶס פְלַאצֶען דִי הֶערְצֶער פַאר ווייטָאג אוּן שְׁמֶערְץ,
נוּר גָאר נִיט קֶען רִיהרֶען ס׳פֶערְפְרוֹירֶענֶע הַארְץ
פוּן מִירֶעלֶע, מִירֶעלֶע.

דִי יָאהרֶען ווִי וַואסֶערֶען שְׁווִימֶען אַוועק —
עֶס הָאט שׁוֹין אִיהר שֶׁענְקַייט גֶענוּמֶען אַיין עֶק...
שׁוֹין פִינְסְטֶער אִיהר פָּנִים, גֶעבוֹיגֶען אִיהר קָאפּ,
אוּן רוֹיטְלִיכֶע אוֹיגֶען אוּן גְרוֹי שׁוֹין דֶער קָאפּ...
גְרוֹי !... מִירֶעלֶע, מִירֶעלֶע !...

עֶס לַייכְטֶען דִי שְׁטֶערֶען, דִי לְבָנָה בַּיי נַאכְט...
זִי שְׁטֶעהט בַּיי דֶעם פֶענְסְטֶער פֶערְאוּמֶעט, פֶערְטְרַאכְט...
עֶס שְׁווִימֶען דִי וָואלְקֶען אַהִין אוּן אַהֶער,
פוּן מִירֶעלֶעס אַיינֶעלִיךְ קַאפִּיט אַ טְרֶער...
וַויין, מִירֶעלֶע, מִירֶעלֶע...

מ. ווירְמְזֶה.



# ציוניסטישע טעריטאָריאַליסטען און טעריטאָריאַליסטישע ציוניסטען.

---

דער רוב פֿונם זעקסטען ציוניסטען־קאָנגרעס האָט בעשלאָסען אַז מען דאַרף שיקען אַ'נ'עקספּעדיציע כדי אויסצופֿאָרשטען דאָס נייע ארץ־ישראל אוגאַנדאַ. אין אַלע פּאַרלאַמאַנטען פֿון אַלע פֿעלקער ווען וועלכע ס'איז פּאַרטיי בעקומט דאָס רוב שטימען פֿאַר איהרע פּראָיעקטען אַזוי נעמט זי זיך באַלד איהרע פּלענער אויספֿיהרען אין לעבען. ביי אונז אָבער ליאַרמען, שרייען, פּילדערן אונזערע אוגאַנדיסטען, נור טוהען עפּעס — טהוט קיינער גאָר ניט. כדי די עקספּעדיציע אָפּצושיקען מוז מען האָבען געלד. ביז איצט האָבען די אַלע אוגאַנדינסטען פֿון דער גאַנצער וועלט (און זיי זאָגען אַז זיי זענען דער רוב ציוניסטען.) צונויפֿגעקליבען וועניגער אַלס מען קלויבט צונויף אויף אַ ישיבה אין דער ליטא אָדער ערגיץ וואו אַ שריפֿה אין אַ קליין שטעדטיל אויב דער רב שיקט נור אַ „קול־קורא“. מען ווייסט אַז איך בין קיין אוגאַנדיסט — דאָך שעם איך זיך ווען איך זעה אַזאַ מין „אַרבייטען“ פֿון אונזערע — — „חברים“. איך רעד שוין ניט דערפֿון אַז אַן געלד קען איבערהויפּט די עקספּעדיציע ניט אָפּגעהן אויספֿאָרשטען דאָס לאַנד. וועלכעס זאָל אַזוי פֿיעל גליק ברענגען דעם יודישען פֿאָלק (?) — נור איז עס געווען פּשוט אַ חוב פֿון די אוגאַנדיסטען צו בעווייזען, אַז דאָס פֿאָלק איז באמת אוגאַנדיסטיש געזאָנען. די אוגאַנדיסטישע אַרבייט און דאָס אָפּרופֿען זיך פֿונם פֿאָלק אויף דער דאָזיגער אַרבייט וואָלט געוויס געקענט דיענען אַלס טערמאָמעטער וואָס וואָלט אָנגעוויזען די אוגאַנדיסטישע היטץ פֿון די מאַסען. —

נור דאָרט וואו מען דאַרף אַרבייטען, מיט גרויס איבערגעבענהייט און דער ביי אַן געשרייען זענען אונזערע אוגאַנדיסטען ניטאָ. זעהט איהר, ליאַרמען, שרייבען פּראָטעסטען, צושיקען פּאַמפֿלעטען — דאַרויף זענען זיי מייסטערס. —

אין אָדעס — זאָגט מען — ווילען זיך די אַלע איינציגע אוגאַנדיסטישע גרופּען פֿעראייניגען, כדי אַ מין „קאָנגרעס“ צו מאַכען אַזוי אַז אַלע אוגאַנדיסטען פֿון גאַנץ רוסלאַנד זאָלען זיך פֿעראייניגען און געמיינזאַם — — — שרייען. —

מען מוז אָבער זאָגען דעם אמת. אַז ניט אַלע שרייען מיט איין קול און ניט אַלע פּאַמפֿלעטען זענען געשריעבען לויט איין נוסח. עס זענען פֿאַראַן אַזעלכע וואָס

זוכען כלומרשט וויסענשאַפֿטליך צו בעגרינדען זייערע רעד און זייערע שרייבערייען — נור עס טרעפֿט אָפֿט אַז באַלד פֿאַרגעסען זיי דעם ערענסט און פֿאַלען אַריין אין אַ מאַרק־שרייערישען טאָן.

אָט אַזאַ מין פּאַמפֿלעט ליגט איצט פֿאַר מיר. דאָס איז אַ מין אויפֿרוף צו די „געעהרטע חברים“ אַרויסגעגעבען פֿונם וואַרשעווער „קאָמיטעט צו פֿעראייניגען אַלע טעריטאָריאַליסטישע ציוניסטען“. —

* * *

דאָס גרונד־פּרינציפּ פֿונם ציוניזם איז די בעפֿרייאונג דאָס יודישען פֿאָלק פֿונם גלות און דאָס אויסבויען אַ נייע יודישע היים וואו אונזער פֿאָלק זאָל קענען פּאָליטיש, נאַציאָנאַל, ווירטשאַפֿטליך אַלס אַ זעלבסטשטענדיגע נאַציע זיך אויסלעבען. מיר ציוניסטן זאָגען און בעווייזען אַלע מאָל ווי ווייט אונזער פֿאָלק געהט צו גרונד, זייענדיג צוזייעט און צושפּרייט אין אַלע לענדער: אונזערע קינדער אַסימילירען זיך און וויסען כמעט גאָר ניט פֿון יודישען. דאָס נאַציאָנאַלע זעלבסט־בעוואוסט־זיין האַלט ביים פֿערשווינדען ווערן און ווירטשאַפֿטליך ווערען מיר וואָס אַמאָל שוואַכער און שוואַכער ווייל מיר האָבען אין גלות תמיד געשפּיעלט די ראָלע פֿון אַ פֿער־מיטלער; דער פֿערמיטלער ווערט אָבער וואָס אַמאָל איבעריגער. מיט׳ן ענטוויקלען פֿון דער אינדוסטריע און פֿון דער טעכניק ווערט דער יוד — דער פֿערמיטלער צווישען קויפֿער און פֿערקויפֿער — אין גאַנצען אַרויסגעשטופּט פֿון זיין לעבענס קאַליע. מאַטעריעל געבראָכען פֿאַלען מיר אויך גייסטיג יעדען טאָג נידריגער און נידריגער; פֿון בעשאַפֿען דאָ אין גלות אַ אייגענע געזונדטע קולטור קען נאַטירליך די רעדע ניט זיין. אונזערע יונגע, בעסטע כוחות אַרבייטען ב י י — און פֿ אַ ר די פֿעלקער צווישען וועלכע מיר געפֿונען אונז — זיי מוזען ווערען איינגעשלונגען פֿון די שטאַרקערע אומות. מיר אָבער בלייבען אַר׳ם מאַטעריעל ווי גייסטיג. —

אַזאַ מין צושטאַנד וואָלט געווים געפֿיהרט צום א ו נ ט ע ר ג אַ נ ג פֿונ׳ם יודישען פֿאָלק. אָט דאָ זענען געקומען די ציוניסטען און אָנגעהויבען וועקען אונזער פֿאָלק, אויפֿפֿאָדערן עס, צו מאַכען אַ ע־ק פֿון דיעזען ערנידריגענדען און שענדליכען צו־שטאַנד. קודם כל, האָבען זיי אַיינגעזעהן, מוז מען בעקומען אַ לאַנד, אַ טעריטאָריום. (ווי מען זאָגט היינט). אויף וועלכען דאָס יודישע פֿאָלק זאָל זיך קענען זעלבסטשטענ־דיג — פֿריי ענטוויקלען. מיר מוזען האָבען אַ א י י ג ע נ ע ה י י ם וואו מיר יודען זאָלען זיין דאָס רוב — האָבען די ציוניסטען פֿון ד ע ר ע ר ש ט ע ר מ י נ ו ט געזאָגט — אַזאַ מין היים וואו מיר יודען זאָלען זיין די בעלי־בתים, וואו מיר זאָלען קענען קולטורעל, גייסטיג און אויך ווירטשאַפֿטליך אַזוי לעבען ווי עס וועט זיך א ו נ ז ווילען; אונזער היסטאָריע זאָל ניט מעהר פֿון פֿ ר ע מ ד ע געמאַכט און געשריבען ווערען נור פֿון אונז אַליין.

דאָס גרונד־פּרינציפּ פֿונם ציוניזם איז, ווי מען זעהט, פֿון דער ערשטער מינוט אַן אַ ט ע ר י ט אָ ר י ו ם. דערפֿאַר זענען מיר פּאָליטישע ציוניסטען אָדער פֿריהערע חובבי־ציון קיינע אחד־העמ׳יסטען געוועזען ווייל מיר האָבען פֿון אָנהייב אָן איינגע־זעהן, אַז דאָס וואָס אחד־העם פֿאָדערט, נעמליך אַוועקגעבען אַלע כוחות כדי אַ ג י י ס ט י ג ע ן צענטער (מרכז רוחני) אין ארץ־ישראל צו בעשאַפֿען, בעת די יודען

זאָלען נאָך אַמעריקאַ און אַנדערס וואו וואַנדערן — דאָס איז, אין בעסטען זינען, נור אַ פילאָזאָפישע שפּיעלעריי, וואָס האָט מיטען לעבען קיין שייכות. —

קומענדיג צום געדאַנקען אַז מיר יודען מוזען האָבען אַ אייגענע היים כדי צו קענען אַלס אַ פאָלק ווייטער עקסיסטירען האָבען מיר זיך געמוזט פרעגען: וואו זאָלען מיר זוכען דיעזעס לאַנד? עס איז געווען גאַנץ נאַטירליך, וואָס דאָס גרויסע רוב ציוניסטען האָבען זיך באַלד אָפּגעשטעלט אויף ארץ־ישראל.

ווען אויך עס זענען אַוועק אַזוי פיעל יאָהרען זייט מיר האָבען ארץ־ישראל פערלוירען — דאָך אָבער בעטראַכטעט דאָס יודישע פאָלק דאָס דאָזיגע לאַנד אַלס דאָס זייניגע, אַלע אַנדערע לענדער הייסען חוץ־לארץ. דאָס איז אַ פאַקט וועלכען מען קען ניט אָפּלייקענען. אין משך פון גלות האָבען די יודען פערשיעדענע מאָל גע־פרופט מיט געוואַלד אָפּנעמען דאָס אַלטע פאָטערלאַנד און דאָס ניט געלונגען האָט געבראַכט דערצו אַז דער יוד האָט זיין רצון, אויפען מלחמה־פעלד אָפּצונעמען זיין לאַנד, דיעזען רצון האָט ער איינגעפלאַנצט אין די תפלות וואָס ער האָט געבעטען, אין די שירים וואָס ער האָט געזונגען. מיט דער צייט איז צוגעקומען צו די פיעלע יודישע מצוות, נאָך איינע: „מצות ארץ ישראל". פאָהרען שטאַרבען אַהין־איז געוועזען אַ מצוה, ארץ־ישראל־ערד אין קבר צו קאָפּענס לעגען — אַ מצוה. דער ארץ־ישראל־יוד איז געוואָרען אַ האַלבער קדוש און איהם נדבות שענקען איז געוואָרען אַ מצוה א. ד. ג. דאָס צוגעבונדענקייט פונם יודישען פאָלק צום לאַנד פון זיינע אָבות האָט ניט אויפגעהערט, נור איז אָבער דער רצון, אליין דאָס לאַנד צו בעקומען — אָפּ־געשטאָרבען און דאָס פערלאָזען זיך אויף יענעם, אויף משיח'ן, האָט דעם פלאַטץ פון יענעם רצון איינגענומען.

די ערשטע ציוניסטען, די חובבי ציון, האָבען קודם כל זיך בעמיהט ווידער יענעם אַלטען אַקטיווען רצון אין אונזער פאָלק צו ערוועקען און צו שטאַרקען. צו איז דאָס סיסטעם פון די חובבי ציון געווען אַ ריכטיגעס, צו ניט איז אַ אַנדערע שאלה. דער געדאַנק איז אָבער געווען דער איינציג ריכטיגער: אויפען אָרט פון „מקבלים" — זאָלען געזונדטע קאָלאָניסטען אונזער לאַנד בעזעצען; אויפען אָרט פון פאָהרען אַהין שטאַרבען — זאָל מען פאָהרען אַהין אַרבייטען און דורך פּראָדוקטיווער אַרבייט דאָס לאַנד בעלעבען כדי עס זאָל קענען אויפנעמען מעגליך פיעל יודען.

ווען פריהער פינסקער און דער נאָך הערצל זענען געקומען צום געדאַנקען אַז די יודען מוזען האָבען אַ אייגענע היים כדי צו קענען עקסיסטירען אַלס נאַציע — האָבען זיי, אַלס מענשען וואָס זענען געשטאַנען ווייט פון פאָלקס־לעבען, נאַטירליכער ווייזע געמוזט צוערשט זוכען אַ אַנדער לאַנד. זיי האָבען געמוזט וועלען אַנ־הייבען די יודישע געשיכטע אויפסניי, ערגיץ אין אַ לאַנד וואָס איז נאָך ניט בעזעצט פון קיינעם. ווי באַלד אָבער פריהער פינסקער און דערנאָך הערצל האָבען אָנגעהויבען קומען אין נאָהענטער בעריהרונג מיט מענשען פון פאָלק־זענען זיי באַלד צוגעשטאַנען צו די אַנדערע ציוניסטען. זיי האָבען איינגעזעהן אַז פאַר'ן פאָלק קען מען נור דורכ'ן פאָלק אַרבייטען, וואָס למשל דער באַראָן הירש האָט ניט איינגעזעהן און איז דערפאַר געבליבען ניט מעהר ווי אַ פילאַנטראָפּ, אַ יודישער בעל־טובה, בעת די ערשטע וועלען בלייבען פאָלקס־העלדען.

ביי א טייל יודען האָט זיך דערווייל דאָס „זיך פערלאָזען אויף יענעם" אויפגע־
הערט און דער רצון דורך שווערער אַרבייט דאָס לאַנד צו בעקומען האָט זיך
אַלץ מעהר און מעהר געשטאַרקט. מיר האָבען געזעהען אַז דער היישעריק אין
אַרגענטינאַ, ווי אויך די שלעכטע אַדמיניסטראַציע דאָרט האָט באַלד טויזענדער יודען
פעריאָגט בעת די קאָלאָניסטען אין פאַלעסטינאַ האָבען אפשר נאָך גרעסערע צרות
און לייד איבער געטראָגען און זענען געבליבען. אויף אַרגענטינאַ האָט מען די גאַנצע
צייט געקוקט ווי אויף אַ נייעם חוץ־לאַרץ. ארץ־ישראל האָט אַרויסגערופען די
ביל"ו־צעס, יונגע מענשען וואָס זענען בערייט זיך מקריב זיין פאַר דאָס לאַנד.

פינסקער, הערצעל און אַנדערע האָבען געמוזט קומען צו דער איבערצייגונג
אַז דאָס מין *ביינקעניש* צו ארץ־ישראל (וואָס מען לאַכט איצט אויס) *איז אַ
געוויסע קראַפט וועלכע מען קען און מען דאַרף אויסניצען*.
(„אַ קראַפט וואָס מען קען זי ניט ווענען און ניט מעסטען" ווי דר. פ. אָפענהיימער
האָט זיך אויפ'ן זעקסטען קאָנגרעס אויסגעדריקט).

ווייטער: זיך צוקוקענדיג צו דער פאָליטישער לאַגע פון טערקיי, בעטראַכטענ־
דיג דען נידריגען קולטורעלען צושטאַנד פון דער בעפעלקערונג אין פאַלעסטינאַ און
אין די אַרומיגע לענדער — האָט מען געמוזט קומען צום געדאַנק אַז ערשטענס
וועלען מיר פשוט *דאָס* לאַנד קענען לייכטער ערייכען אַלס אַ אַנדערעס, און צווייטענס
זייענדיג דאָרט וועלען די יודען אַלס קולטורעל העכער שטעהענדע מאַסע אַלס די
*דאָרטיגע* בעפעלקערונג — באַלד בעקומען די אויבער־האַנד. —

אײַנזעהן האָט מען אויך געמוזט אַז ביי אונזער גרעסטען רצון זיך צו בעפרייען
זענען מיר דאָך שוואַך כדי אַליין דאָס אויס צו פיהרען. מיר היינגען זעהר פיהל אָפ
פון די אַרומיגע פעלקער צווישען וועלכע מיר וואוינען. דערפאַר מוזען מיר זעהן אַז
די אומות־העולם זאָלען אונז וועניגסטענס ניט שטערען, אָדער נאָך מיטהעלפען אין
אונזער בעפרייאונגס־אַרבייט. און דאָ איז געוועזען *הערצל* וועלכער האָט אַזוי *איבער־
צייגענד* אָנגעוויזען אַז די יודענפראַגע איז אויך אַ וועלט־פראַגע, ווי ווייט די אַנדערע
פעלקער מוזען זיין פעראינטערעסירט כדי פון דיעזר „פערפלוכטער" פראַגע פטור צו
ווערען. כדי אָבער די אַרומיגע פעלקער צו געוואונען גראָד פאַר *אַ בעשטיממטעס*
לאַנד וואָס זאָל צו אונז יודען געהערען האָבען מיר זיך געדאַרפט און געמוזט שטיצען
אויף דעם *היסטאָרישען רעכט* וואָס מיר האָבען אויף וועלכען עס איז לאַנד:
און דאָס איז דאָך נור פאַלעסטינאַ, אונזער געוועזענעם פאַטערלאַנד. די פעלקער
*מוזען* אונזער היסטאָרישעס רעכט אַנערקענען ווייל זיי פּראַקטיצירען עס אַליין.
יעדעס פאָלק האַלט זיך פעסט אין יענעם לאַנד פאַר וועלכען עס האָט געקעמפפט.
ארץ־ישראל איז דורכגענעצט ניט נור מיט יודישע טרעהרען, נור אויך מיט יודישען
בלוט און עס איז ניט אײַנצוזעהן פאַרוואָס זאָלען גראָד מיר יודען זיך אָפזאָגען פון
אונזער היסטאָרישען רעכט? ניט *אָפזאָגען* זיך פון אונזער אַלערליי רעכטע דאַרפען
מיר — נור פאַרקעהרט: פאָדערן די אַנערקענונג, דאָס מודה זיין אין זיי — מוזען מיר!

אַרויסגעהענדיג פון די אַלע און נאָך פערשיעדענע געזיכטספונקטען האָבען די
פאָליטישע ציוניסטען זייערע אַרבייטען געפיהרט. — הערצל האָט דורך זיינע
דיפּלאָמאַטישע אַרבייטען געזוכט צו געוואונען דאָס אינטערעסע פון די *רעגיערונגען*
פאַר אונזער בעוועגונג. דורך פערשיעדענע שריפטען האָבען מיר אָנגעהויבען צו

פעראינטעריסירען די פעלקער. דורך אונזער אינסטיטוטען, דורך אונזער קולטור־ארבייט האבען מיר אנגעהויבען אונזער פאלק פארצובערייטען צו זיין בעפרייאונגס־קאמפף, און די מיטעל צו בעשאפען וואס זענען נעטיג א פלאן מעסיגע קאלאניזאציע דורכצופיהרען. —

אונזער ארגאניזאציע איז נאך קליין און שוואך (איבערהויפט פעהלט איהר: אינערליכע שטארקייט. אונזערע אינסטיטוטען זענען נאך ארים, אונזער ציוניס־טישע ליטעראטור איז נאך צום גרעסטען טייל וואסערדיג; דאס גרויסע ווייטע פאלק ווייסט נאך ווינציג וואס פון ציוניזם. די שוין־ארגאניזירטע ציוניסטען זענען צום גרויסען טייל נאך אויך ניט נענוג ציוניסטיש. פיעלע שאלות, געזעלשאפט־ליכע און אנדערע און זייער שייכות צום ציוניזם און דאס שייכות פונם ציוניזם צו זיי — איז נאך כלל ניט אויפגעקלערט. די ערשטע עטליכע יאהר זענען אוועק פאר א ברייטער, אבערפלעכליכער אגיטאציע. ערשט אין דער לעצטער צייט האט מען אנגעהויבען מאנכעס טיעפער צו בעטראכטען. עס פערשטעהט זיך אז ביי אזא מין צושטאנד האבען מיר ניט געקענט און ניט געטארט גרויסע ערפאלגע ערווארטען.--

אויב מאנכע פון אונז האבען געהאפט אז דר. הערצל וועט דורך דער דיפ־לאמאטיע אליין, זיך שטיצענדיג אויף א שוואכער און קליינער ארגאניזאציע, ביי דער ארימקייט פון אונזערע אינסטיטוטען, בעקומען באלד א טשארטער — אזוי איז דאס געוועזען א האפנונג וועלכע האט איהרע יסודות אין דער פאנטאזיע, אבער ניט אין רעעלער ווירקליכקייט. פאר די ניכטערנע ציוניסטען אבער איז הערצל'ס ניט־ערפאלג געוועזען א זעלבסטפערשטענדליכע זאך. אין אמת'ן האט הערצל'ס ניט ערפאלג בעדארפט בעטראכט ווערן אלס א ערפאלג, דען בלויז זיינע פערהאנדלונגען אליין אלס אונזער פערטרעטער האבען אונז א גרויסען שריט צו אונזער ענד־ציעל נעהענטער געבראכט און אויסער דעם האבען אונז דיעזע דערווייל ניט ערפאלגרייכע פערהאנדלונגען פארבערייטעט צו דער ווייטערדיגע דיפלאמאטישע ארבייט וועלכע וועט זיך געוויס מיט א ערפאלג אויסלאזען, אויב זי וועט זיך האבען אויף וואס צו שטיצען. —

זיך אפצוזאגען פון פאלעסטינא האבען מיר קיין שום גרונד געהאט. פארקעהרט: דאס וואס דער סולטאן האט אונז — דורך הערצל — אנגעבאטען: אין פערשיעדנע ערטער יודישע קאלאניעס צו גרינדען — האבען מיר בעדארפט מיט גרויס חשק אנעמען. הערצל האט דענסטמאל א זעהר גרויסען פעהלער בעגאנגען וואס האט ניט אנגענומען און האט פשוט א אונרעכט בעגאנגען וואס ער האט וועניגסטענס דיעזען פארשלאג פאר'ן קאנגרעס ניט געבראכט. —

מיר האבען איצט א גרעסערע בעפעלקערונג אין ארץ־ישראל וואס לעבט פון שנארערייי. די יוגענד וואס וואקסט דארט אויף געהט אויך גייסטיג צו גרונד א דאנק דער מאטעריעלער לאגע. מאכען געזונד די יודישע ארץ־ישראל בעפעלקערונג האט ביי אונז בעדארפט זיין איינע פון די הויפט־ארבייטען אין ציוניזם (און ניט נור א „טהעמא צו פרעדיגען"). מיר וואלטען דורך יענע יודען בעשאפען א געזונטען יסוד דארט, וואו די יודישע זעלבסטשטענדיקייט זאל אויפגעבויעט ווערען.—

בעת אבער מיר האבען פאר יענער בעפעלקערונג כמעט גאר ניט געטהון, בעת מיר שטעהען נאך אין אנהייב ארבייט פון שטארקען, פערברייטען, פערגרעסערן

פון אונזער ארגאניזאציע, בעת מיר האלטען ערשט ביים בעשאפען די נעטיגע מיטעל (באנק, נאציאנאל־פאנד א. ז. וו. בעת די פעלקער און רגיערונגען הייבען זיך אן אינטערסירען מיט אונזער בעוועגונג — האבען מיר קיין שום יסוד געהאט צו זוכען אנדערע לענדער — עס איז דער פאר ניט נור א פערברעכען נור פשוט א אונזינן פלוצלונג נייע לענדער זוכען און נייע אידעאלען אויפשטעלען. —

ווי איהר זעהט רעד איך דא כלל ניט פון געפיהלס־שטאנדפונקט. עס זענען ניכטערנע כמעט מאטעמאטישע אויסרעכנונגען וועלכע צווינגען מיך צו בלייבען ביי פאלעסטינא. —

זעהט איהר, אט וואס מען האט יא נעמוזט פערלאנגען פון אונז ציוניסטען: מיר זאלען זיך ניט נור בעגניגען מיט אלע ארבייטען וואס ביז איצט, נור זאלען מיר אויך פון צייט צו צייט קאנטראליערען אונזערע ארבייטען, נאכזעהן צו זענען זיי די ריכטיגע, צו קענען זיי אונז פיהרען צום צוועק. מיר מוזען זיך שטארק היטען — קיינע הינעזער צו ווער׳ען ד. ה. ניט פעסט האלטען אין צאפף. צו יעדער צייט דארפען מיר בערייט זיין אונזערע סיסטעמען נעהנטער בעטראכטען און אויב מיר זעהן איין אז זיי זענען פאלש — דארפען מיר זיי תיכף אומבייטען. מיר מוזען זיך אויך נעהנטער בעקאנט מאכען מיט דער בעפעלקערונג אין פאלעסטינא און ארום איהר, כדי צו וויסען צו איז עס אמת וואס מאנכע מיינען אז גראד אין פאלעסטינא וועלען מיר גיך שטארק זיין ווייל די דארטיגע בעפעלקערונג שטעהט קולטורעל זעהר נידריג אזוי אז מיר וועלען זיי מיט אונזער גייסטיגע איבערלעגענהייט ערדריקען — אדער אפשר בעשטעהט יענע בעפעלקערונג (ווי אנדערע מיינען) אויס אזעלכע עלמענטען וואס וועלען אונז די גרעסטע שוועריגקייטען אין וועג לעגען. דאס אלעס און נאך פיעלעס אנדערע איז געווים נעטיג נאכצופארשען. אויב צוריק מיט טויזענדע יאהר זענען מרגלים נעטיג געוועזען — אזוי זענען זיי איצט נאך פיעל נעטיגער און איצט איז דאס אויספארשען פון לאנד אויך פיעל מעגליכער. —

ניט „ציון", „ציון" דארפען מיר שרייען, נור מוזען מיר אלעס טהון כדי צו וויסען ווי אזוי, אויף וועלכען אופן בעקומט מען דאס „ציון", ווי אזוי, אויף וועלכען אופן פיהרט מען אויס אזא ריעזען־ארבייט ווי איבערפיהרען א נע־ונד פאלק אין זיין אלטען לאנד. —

ווען מען איז אבער געקומען צו אונז און מיר ניט דיר ניט אונז פארגעלעגט א נייען מדבר פאר אונזער פאלק, א מדבר הינטער די הרי חשך — איז עס געווען אונזער אלעמענס הייליגסטער חוב „ניין" צו שרייען, אבער אזוי קרעפטיג אז עס זאל זיך פון דעם דאזיגען „ניין" הערען א שווערער פראטעסט געגען דעם וואס מען וויל אונזער גאנצע ארבייט מאכען צו גול, געגען דעם וואס מען וויל בעטראכטען אונזער פאלק אלס א גרופע סוחרים, אלס א סינדיקאט וועלכען מען שלאגט פאר „קויפען א לאנד" אויף „גוטע בעדינגונגען".

ניט אלע האבען דאס פערשטאנען און עס האט זיך געפונען א „רוב" (אפילו א געמיטשעטער) פון קאנגרעס וואס האט „יא" געזאגט. דיעזער יא וועט בלייבען א עביגער שאנד פלעק אויף די ציוניסטען צווישען די „יא־זאגערס" (ניט אלע יא־זאגערס זענען ציוניסטען). איצט אבער, נאכ׳ן ערשטען טומעל, ווען מען קען אלעס ניכטערן בעטראכטען, ווען עס געפינען זיך איצט „יא־זאגערס" וועלכע האבען נאך דעם „מוטה"

(חוצפּה) צו בעהויפּטען אַז זיי זענען עס די אמת'ע ציוניסטען אַזוי געהט דאָס איבער אַלע גרענעצען. צו בעהויפּטען אָבער, ווי די „חברים" אויס ווארשא אַז:

„גוט בעטראַכטענ'דיג קענען מיר זיך איבערצייגען, אַז די „ניין זאָגער" האָבען גישט נאָר אוי'פֿן מזרח אפריקא פּראָיעקט „ניין" געזאָגט, נאָר אויף דעם גאַנצען גרונד=געדאַנק פֿון ציוניזמוס".

אַזוי איז דאָס ניט מעהר און ניט וועניגער ווי אַ שאַרלאַטאַניזם! אָט די דאָזיגע מענשען שרייבען אויך:

„דער ציוניזמוס האָט פֿאַר זיך צוויי וועגען: אָדער צו האַלטען זיך מיט אַלע קרעפֿטען אויף דער פּאָזיציע וואָס זי איז געשטאַנען ביז היינט, אַלס אַ גרויסע נאַציאָנאַל געזעלשאַפֿטליכע בעוועגונג מיט קלאָרע, פֿעסט=געשטעלטע שטרעבונגען און צו געהן מיט ענערגיע און אנשטרענגונג דאָס אויסצופֿיהרען; אָדער צו ענטזאָגען זיך פֿון אַלץ וואָס האָט דעם ציוניזמוס געגעבען דאָס רעכט צועקסעסטירען אַלס אַ גרויסע פֿאָלק'ס=בעוועגונג, און אַריין צולאָזען זיך אין עפּעס אַ אונקלאָרע בענקעניש און סתם דמיונות פֿון אַגאַנץ קליינע גרופּע מענשען, וואָס האָבען ניט און קענען ניט האָבען קיין שום איינפֿלוס אויף אונזער לעבען."

בעמערקט איהר דאָ ווי איין זאַטץ איז סותר דעם צווייטען? אויב דער ציוניזם איז געוועזען „אַ גרויסע נאַציאָנאַל — געזעלשאַפֿטליכע בעוועגונג" ווי אַזוי זשע איז ער פּלוצונג „אַ אונקלאָרע בענקעניש" פֿון אַ „קליינע גרופּע מענשען" געוואָרען? די „גרויסע נאַציאָנאַל-געזעלשאַפֿטליכע בעוועגונג" האָט דאָך עקסיסטירט פֿריהער — פֿאַר אוגאַנדאַ! —

כדי צו פֿערטומלען די מוחות פֿונם פּראָסטען לעזער ווערט אונזער („ניין"-זאָגער'ס) ציוניזם אויף אַזאַ אופֿן ערקלערט:

„וואָס דען איז ציוניזמוס, נאָך דער מיינונג פֿון די הערען „ניין-זאָגער"? אויף דעם גיבען זיי אפילו אַ תשובה: קאָלאָניען אין ארץ ישראל ביי היינטיגען צושטאַנד, אָהן רעכטע, אָהן די מינדעסטע פּאָליטישע פֿערזיכערונג!"

דאַרף מען דאַרויף ענטפֿערן אַז נור דעמאַגאָגען, פֿאָלקספֿערפֿיהרער, וואָס ווילען מיט אַ כיון דעם קאָפּ פֿון לעזער פֿערדרעהן קענען אַזעלכע זאַכען אויס-טראַכטען? דאָס וואָרט דעמאַגאָגען איז נאָך צו וועניג פֿאַר מענשען וואָס שרייבען בעוואוסטע שקרים כדי אויף זיי, אויף דיזע שקרים, זייערע אמת'ן אויפֿצובויען.— ווען און וואו האָבען די „הערען ניין-זייגער" דען ציוניזם אַזוי ערקלערט אַז דאָס הייסט גרינדען „קאָלאָניען אין ארץ-ישראל ביי היינטיגען צושטאַנד, אָהן רעכטע, אָהן די מינדעסטע פּאָליטישע פֿערזיכערונג!" ???

די שרייבערס האָבען, ווי עס ווייזט אויס, באַלד איינגעזעהן אַז זיי האָבען איבערגעחאַפּט די מאָס און זיי זאָגען ווייטער:

„אַנדערע פֿון זיי וואָס פֿערשטעהן גאַנץ גוט, אַז קליין=קאָלאָניזאַציאָן אין די יעצטיגע בעדינגונגען אין ארץ ישראל איז מעהר ניט אַ פֿערשווענדונג פֿון כחות און געלד, וואָס פֿיהרט צו גאָר נישט — גיבען אויף אַלס אַ „ריין"=ציוניסטישע ארבייט בעמיהען זיך צו בעקומען קאָנצעסיעס פֿון טירקיי. דאָס הייסט: פֿריהער פֿאַר אַלץ וועלען מיר מאַכען אַ עקאָנאָמישען צענטרום דורך פֿערשיעדענע ערלויבניסען אויף צו בעזעצען זיך — אפילו אָהן פּאָליטישע רעכטע. דערנאָך, אַז עס וועט ווערען ביסלעכווייז אַ גרויסע אידישע בעפֿעלקערונג אין ארץ=ישראל — וועט שוין אונז טירקיי מוזען געבען פּאָליטישע פֿרייהייט".

אָט דאָ האָבען אונזערע וואַרשעווער „חברים" איבערגעבען גאַנץ ריכטיג דען גרונד-געדאַנק פֿון די „ניין-זאָגערס". כדי צו בעווייזען אַז מיר האָבען ניט רעכט, געפֿינט איהר דאָרט אַזאַ מין „תשובה":

„אָבער דער גאנצער פלפול'דיגער אויפקלער וועגען א עקאָנאָמישען צענטרום אלס הקדמה צו א פּאָליטישען צענטרום — איז טאקע מעהר ניט ווי א פלפול. דאָס הייסט געמאכט א חשבון אָהן דעם בעל־הבית. עס מוז איין מאָל פאר אלע מאָל פעסטגעשטעלט ווערען, אז בנוגע צו ארץ ישראל האָבען מיר נאָר איין האָפנונג: צו בעקומען פּאָליטישע רעכטען. ווען אָבער די טערקישע רעגירונג וויל עס פאַרלייפיג ניט געבען, איז דאָך מעהר ווי נאַריש פון אונזער זייט דער וועלען אבנארען דער טערקעשער רעגירונג! אז אונזערע „צייטונג'ס־דיפּלאָמאטען" פערשטעהן דעם איבערגאנג פון א קאָלאָניזאציאָן דורך קאָנצעסיעס צו פּאָליטישע פריי־הייט — פערשטעהט עס דאָך די אָנגעלעהרנטע טירקיי געווים! אויב מען דארף נאָך האָבען ראיות צו דעם — האָבען מיר דאָך בפירוש געהערט אויפ'ן זעקסטען קאָנגרעס פון דעם ד"ר הערצל, אז טערקיי האָט געוואלט ערלויבען א צוזייטע און צושפּרייטע קאָלאָניזאציאָן אין טירקיי, דאָס הייסט מיט אנדערע ווערטער א נייער גלות, א קאָלאָניזאציאָן דורך וועלכע מיר וועלען קיינמאל ניט צוקומען צו קיין אידישע מעהרהייט אין פאלעסטינא; דורך וועלכע מיר וועלען אוועקגעבען אלץ וואָס מיר קענען נאָר געבען; מיר וועלען אויפלעבען מיט אונזער ענערגיע און פעהיגקייטע דעם האנדעל, אינדוסטרי און פאבריקאציאָן אין א טייל פון דער טערקישער מדינה און וועלען דערפאר ניט נאָר גישט בעקומען די ערוואַרטעטע פרייהייט, נאָר ריזיקירען איהר אנצוווערען אויף עביג. ווארום צו וואָס דארף עס טירקיי געבען פרייהייט, ווען זי ניצט אונז אהן דעם אויך אויס; די גאנצע ציוניסטישע פּאָליטיק איז דאָך געבויט אויף דעם כלל „מיר געבען ווייל מען גיבט אונז" און דא וועלען מיר אלץ אוועקגעבען וואָס מיר קענען און גאָר נישט בעקומען דערפאר".

פון דיעזער תשובה לערנען מיר אַז אַ קאָלאָניזאַציע הייבט מען אָן מיט פּאָליטישע רעכטע! וועט איהר פרעגען, ווי אַזוי האָבען זיך עס אַנדערע קאָלאָניזאַציעס ביז איצט אויסגעפיהרט? צו האָט וועלכעס פאָלק עס איז בעקומען ערגעץ — וואו צוערשט פּאָלקאָמענע פּאָליטישע רעכטע וועלכע זאָלען מאַכען אַ פאָלק וואָס האָט נאָך ניט אויסגעוואַנדערט אין יענעם לאַנד — שוין האָבען די אויבערמאַכט איבער דאָס צו קאָלאָניזירענדע לאַנד? וועט איהר פרעגען ווי אַזוי קען מען עס אַ לאַנד „ערּאָבערן" אויב פון שווערד זאָגט מען זיך אָפּ, און אויב פון אינדוסטריע און פאַבריקאַציע — ווייל מען ניט וויסען? וועט מען אייך ענטפערן אַז דאָס זענען „פלפולדיגע" שאַלות און אַראָפּ פון'ם מאַרק. —

נור, אונז אינטערעסירט אָבער עפּיס אַנדערס צו וויסען: דורך וועלכע אופנים ווילען זיי — די „חברים" — אויסבויען זייער לאַנד? דיעזע „חברים" רעדען פון „פאָלק" „פאָלקסארבייט", פון „פאָלקס־קראַפט" א. ד. ג. און פערלאַנגען אַז דער קאָנגרעס זאָל אָננעמען אַ רעזאָלוציע אַז ציוניזם הייסט: „בעקומען אַ לאַנד מיט אויטאָנאָמישע רעכטען פאַר'ן אידישען פאָלק" און דאַן נאָך דער שווערער אַרבייט, ווען די דאָזיגע רעזאָלוציע וועט שוין זיין פון קאָנגרעס אָנגענומען דאַרפען זיי:

„פאָדערן פון קאָנגרעס, אז ער זאל ארויף ווארפען א חוב אויפ'ן אקציאָנס־קאָמיטעט, ער זאל זעהן מיט אלע מעגליכקייטען צו ערווערבען א לאנד פאר אונזער פאלק וואו נאר מעגליך עס איז."

אַלזאָ: עס האַנדעלט זיך קודם כל מען זאָל „אָננעמען די רעזאָלוציע" און אַז דאָס וועט זיין דורכגעפיהרט אַזוי בלייבט נאָך איין קלייניגקייט: צו פערלאַנגען פון אַקציאָנס־קאָמיטעט „צו ערווערבען אַ לאַנד" און וויבאַלד דאָס וועט שוין זיין גליקליך דורכגעפיהרט — אַזוי וועלן מיר שוין בעזאָרגט זיין מיט לענדער! אַבי נור „ארויף וואַרפען אַ חוב" אויף אונזער אַרימען קאָמיטעט — און אַלעס איז ערייכט!

עס ווילט זיך מיר שטאַרק דיעזע „חברים" זאָגען: „קינדער, געניגט זיך געשפּיעלט אין טשייכען", נור איך וויל ניט רייצען די גענז. —

צי דען ווייסט איהר ניט, אַז קיינע אַקציאָנס־קאָמיטעטען אין דער וועלט וועלן אייך „ערוועֶרבען לענדער“ ? אָדער, גלייבט איהר אַז די אַרבייט פֿון קאָנגרעס בעשטעהט אין „רעזאָלוציעס“ אָנעהמען כדי דאַן זיך אַ פּאָר יאָהר נאָך „אָנגע־שטרענגטער אַרבייט“ זיך אָבצורוהן און וואַרטען ביז דער קאָמיטעט וועט „ערווערבען אַ לאַנד“ ? —

פּאַלעסטינא איז ווייט — מיר קענען זי ניט — זאָגען די „חברים“ — ערייכען, „יעדען פערזוך צו קליין־קאלאניזאציאן אין וואסער פארם עס איז“ *) ווילען זיי בעקעמפּפען (דורך אַ „רעזאָלוציע“ נאַטירליך). דער איבערגאַנג „פֿון אַ קאָלאָניזאַציאָן דורך קאָנצעסיעס צו פּאָליטישע פֿרייהייט“ איז ניט מעהר (זאָגען זיי) ווי אַ „פּלפּול“ און „אַ צווייטע און צעשפּרייטע קאָלאָניזאַציאָן“ בעטראַכטען זיי אַלס אַ נייען גלות; דאָס בענקעניש נאָך ארץ־ישראל איז ניט פֿאַראַן ווען מען רעד פֿון אַנדערע מדינות; די גרויסע מאַסען יודען וואָס זענען ניט בכח „אין דער היים“ מעהר די צרות איבערצוטראָגען לויפֿען אין אַלע וועלט וואו נור זיי האָבען קרובים און בעקאַנטע וואָס העלפֿען אויס אין דער ערשטער צייט וואו עס איז ענטוויקעלט אינדוסטריע און פֿאַבריקאַציע אַזוי אַז מען זאָל האָבען ביי וואָס „די הענד צוצולעגען“, וואו זיי האָבען אַלע בירגערליכע רעכטע — אַלזאָ דיעזע מאַסען וועלען ניט וואַרטען אויף דער „אויטאָנאָמיע“ אין אוגאַנדא (אָדער אַנדערס וואו); אַסיסטעמאַטישע קליין־קאָלאָניזאַציע איז טריפה — פֿרעגט זיך: וואו־זשע וועט מען נעמען די נעטיגע מענשען פֿאַר אַ ווילד נאָך ניט בעאַרבייט לאַנד ? וואו וועט מען נעמען די מיטעל יענע גרויסע מאַסען (אויב זיי וועלען יאָ וועלען געהן) מיט איין מאָל אַריבער צו פֿיהרען ? וועלכע זענען די אופֿנים פֿון דער „נייער“ קאָלאָניזאַציע וועלכע וויל ניט וויסען פֿון „צעזייטע און צעשפּרייטע“ קאָלאָניעס און פֿון „קליין־קאָלאָניזאַציע אין וואָס פֿאַר אַ פֿאָרם עס איז“???

מיר נעמען אָן אַז אוגאַנדא איז דאָס בעסטע לאַנד פֿון דער וועלט. די ענגלישע רעגיערונג ניט אונז כלומרשט „אויטאָנאָמישע“ רעכטע (אַז זי גיט ניט און קען ניט געבען — האָט גענוג קלאָר דער ענגלישער מיניסטער שוין ערקלערט. זעהט איהר: אַ „זעלבסטשטענדיגען“ רב־הכּולל וועלען מיר זיכער בעקומען...) וואָס־זשע וועלען מיר אָנהייבען טהון ? אָנהייבען גרינדען אַ נייע באַנק ? אַ נייעם פֿאָנד ? ווי פֿיעל מיליאָנען דאַרף דיעזע באַנק האָבען כדי די „גרויסע“ קאָלאָניזאַציע אויס צו־פֿיהרען ? וועלען אונזערע קאַפּיטאַליסטען אַהין געהן ? טאָ פֿאַרוואָס געהן זיי שוין גיט ? זיי דאַרפֿען דאָך זיכער קיינע אויטאָנאָמישע רעכטע, און אַרבייטער האָבען זיי דאָרט פֿיעל ביליגער און בעקוועמערע: די האַלב ווילדע אויס אַפֿריקאַ. — צו גלייבט עמיצער אַז די „טהעאָרעטישע אַווטאָנאָמיע“ וועט אפילו איין יודען אָפּהאַלטען פֿון אויסוואַנדערן נאָך נעוו־יאָרק ? צו וועלען די „רעזאָלוציעס“ די איינגע־שרימפּפּטע מאָגענס זאַט מאַכען ?

דאָס „טעריטאָריאַלע פּרינציפּ“ אין ציוניזם דאַרפֿען ערשט ניט די וואַרשעווער „חברים“ פֿערטיידיגען. אָן דיעזען פּרינציפּ — איז קיין ציוניזם מעגליך. די „נייע זאָגערס“ האָבען זיך קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט פֿון אונזער טעריטאָריום. מיר זענען

*) פּעט געדרוקט אין אָריגינאַל.

צ י וֹ נ י ס ט י ש ע  ט ע ר י ט אָ ר י אַ ל י ס ט ע ן. נור, זאָגען מיר זיך אפּ פֿון פֿערדרעהען דעם עולם דעם קאָפּ, מיר זאָגען זיך אָפּ פֿון אָנעמען רעזאָלוציעס וואָס האָבען קיין אינהאַלט און מיר זאָגען זיך אָפּ פֿון דער אמונה אַז דאָס אַקציאָנס־קאָמיטעט קען „ערווערבען לענדער" און מיר זאָגען זיך אָפּ פֿון דעם אונגעהייערען געדאַנק אַז מען קען מיליאָנען מענשען מיט איין מאַך אין אַ נייע לאַנד אַריבער פֿיהרען. מיר זאָגען זיך אָפּ פֿון אַלערליי ניט־נאַטירליכע טעהאָריען און נאָר ניט זאָגענדיגע פראַזען ; מיר זאָגען זיך אָפּ פֿון דערצעהלען דעם פֿאָלק אַז מיר זענען בכוח אין איין שמע־ישראל צו זיינע צרות אַ־נ־עק מאַכען, דען מיר זענען קיינע דעמאַגאָגען. מיר בלייבען ביי דער פֿעסטער איבערצייגונג — וועלכע איז היסטאָריש בעגרינדעט ווי אויך מיט'ן שכל הישר — אַז נור דאַן ווען אַ פֿאָלק שטרענגט אָן אַ ל ע  כ ו ח ו ת זיך צו בעפֿרייען, נור דאַן ווען עס וויל און קען דורך ערנסטער און טיעפֿער ערנער־בענהייט, דורך ברענגען קרבנות, בעווייזען אַז עס ו ו י ל באמת פֿריי זיין — ו ו ע ט ע ס  פֿ ר י י  ז י י ן.

דר. י. ווארטסמאנן.

# נחום׳ל און זיין ווייב.

**(ערצעהלונג).**

(ענדע).

## VII.

קומענדיג פון פריסטאַוו, איז ער אַוועק געפאהרען אין אַדארף, ניט ווייט פון גראפילישאק קויפען וויינשעל. ער האט געקויפט וויינשעל און האט זיך מיט זיי אַרומגעפיהרט עטליכע טעג, און צום סוף האט ער דערלעגט העכער דריי רובל.

פאָרענדיג אַהיים, האט ער שוין געוואוסט, וואס פאַר אַ „גיהנם" ס׳גרויט זיך פאַר איהם דאָרטען; נור פאַרפאַלען, מען מוז דאך פאהרען. אין דער היים קען מען שוין איהם אַזוי גוט. אַז מען דאַרף איהם שוין גאר ניט פרעגען, צי ער האט פאַר־דיענט, צו ער האט דער לעגט; ווען ער פאהרט נור אריין אין הויף, אזוי דערקענט מען שוין אן איהם: זיצט ער גלייך אויפ׳ן וועגעלע און קוקט פרעהליך, איז אַסימן אַז ער האט פאַרדיענט; זיצט ער אבער איינגעקארטשעט. האט מורא אויפהויבען דעם קאפ — ווייסט מען שוין די קלאָג.

איצט אַז ער איז אַריינגעפאהרען, האט מען שוין באַלד דערקענט. אַז ער האט דערלעגט. רייצע איז צו געלאָפען צום וועגעלע מיט כעס; זי האט איהם ניט געפרעגט, וואס ער מאַכט ווי ער מאַכט, זי האט נור אויפגעפענט איהר „געמבע" און האט אנגעהויבען שרייען: — שוין ?! האב דיר אַשוואַרץ יאהר, שוין ?! האסט שוין אנגעהויבען האַנדלען !... אַבראך צו דיין קאפ... ביסט שוין געווארען אַ סוחר !... סוחר׳סט שוין !... ווער האט דיך געבעטען, אַז דו זאלסט פאהרען ? הא ?... זאָג שוין, זאַג, „זאַלסטו זאכען און קראנקען", וויפיעל האסטו שוין חאטש בעגראבען ?... הא ?... שווייגסט שוין ?... דאס מויל האט דיר שוין אבגענומען ?...

נחום איז דער וויל קרעכצענדיג קוים אַראפגעקראכען פון וואגען און האט אנגעהויבען אויסשפאַנען דעם פערד׳ל. אויף איהר האט ער אפילו קיין קוק ניט געטוהן.

— איך פרעג דאך דיך עפּיס ! — שרייט רייצע — וואס קוקסטו אן, ווי אַליימענער גולם ? הא ?

— דריי רובל — האט נחום אַרויסגערעדט שטילערהייד, אויסשפאַנענדיג דאס פערד.

דריי רובל ?! — האט רייצע אויסגעשריגען אויסציהענדיג יעדער אות און האט זיך געחאַפט מיטביידע הענד פאַרן קאפ: — אוי ווה! דריי רובל !... אַקלאָג צו מיינע יאַהרען !... דריי רובל !... וויפיעל דאַרף איך זיך אן געהן, וויפיעל דאַרף איך

ברעכֶען מיינע קראַנקע פּיס, אוּיס רעדען דאָס האַרץ ביז וואַנען איך פאַרדיען דריי רובל ?!... דריי מכות זאָל זיך דיר נור זעצען, רבש״ע!... אַסוּחר!.. נו, נו... האָסט שוין פערדיענט דריי רובל צו דער לענען, האַ ?...

נחום האָט אַבגעלעזען דעם פערד, איז אַריין אין שטוב, און רייצען האָט ער נעלאַזען שטעהן אוּיפ׳ן גאַס שרייענדיג. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבען טיש. אַנטקעגען איהם איז געזעסען זיין שוועער אין אַ טלית קטן, פערדרעהט אַנ׳אַוּייט, די אַרבעל פון העמד פאַרקאַטשעט און האָט געשמייכעלט קוקענדיג אויף נחום׳ן, ווי ער זיצט איינגעגראָבען דעם קאָפּ. רייצע איז אַריין אין שטוב און האָט זיך ווייטער גענומען צו נחום׳ן.

— איך פרעג דיך מעהר ניט— האָט זי אָנגעהויבען אַביסעל וויכער גלייך ווי זי וואָלט חרטה האָבען, וואָס זי האָט אַזוי נעשרינען אויף איהם: — ווי אַזוי לעבט מען פון דיר ? האַ ?... נאָך וואָס ביסטו געפּאָהרען קויפען ווייגשעל ? ווער האָט דיך נעבעטען ?... ניט גלייכער וואָלט געוועזען, ווען דו זיצט אין דער היים ? — זיין אין דער היים, וועל איך חאָטש וויסען, אַז מיין האַרץ איז גאַנץ... מען זאָל אַפילו זיין פון אייזען נעקנעטען, קען מען דאָך אויך צוּועצט ווערען: עפּעס אַווערטעלע אַרוּיס רעדען, דריי רובל!... אַבראָך צו דיין קאָפּ... ווי אַזוי זעהט מען ניט, וואָס מען קויפט? וואו זענען געוועזען דיינע אויגען ?... איהר אויפרעגונג איז געוואַקסען פון מינוט צו מינוט, און זעהענדיג, ווי אַזוי ער רופט זיך גאָר ניט אָפּ, קוקט איהר אָן מיט אַזאַ הכנעה, האָט דאָס איהר גאָר אַרוּיסגעבראַכט פון זיך.— איך פרעג דיך — האָט זי ווידער אָנגעהויבען שרייען,— וואָס קוקסטו מיך אָן? קענסט מיך ניט? האַאַ ?... איך פרעג דאָך דיך עפּעס, ענטפער מיר!... וואו זענען געוועזען דיינע צוויי פערדישע אוינען ? — און דער ביי האָט זי אָנגעשטעלט איהרע העגד צו זיינע אויגען, גלייך ווי זי זאָל זיי וועלען אוּיסדראַפּען.

נחום האָט זיך אַחאַפּ געטאָן אָן אַזייט. ער איז געוואָרען בלאַס און האָט אויף איהר אָנגעשטעלט אַפּאָר אויגען, דערשראָקענע, ציטערדיגע. דאָס האָט איהר נאָך מעהר אַרוּיסגעבראַכט פון זיך. זי איז געוואָרען רויט, איהרע אויגען האָבען זיך אָנ׳נעגאָסען און האָבען זיך אָנגעצינדען מיט אַשרעקליכען פייערל. וואָס האָט נחום׳ן אין גאַנצען דערשלאָגען.

— וואָס קוקסטו מיך אָן ? – האָט זי נעשריגען נערוועאיש, און האָט אָנ־געהויבען קריטצען מיט די צעהן:— איך פרעג דאָך דיך!... איך האָב ביי דיר ניט פערדיענט, אַז דו זאָלסט מיר ענטפערען? האַ ?... וואָס שווייגסטו ?...

— וואָס ווילסטו פון מיר ?! — האָט זיך ביי נחום׳ען אַרוּיסגעריסען עפּיס ניט ווילענדיג.

— וואָאָס ? וואָס וויל איך פון דיר ?... אָט דאָס וויל איך פון דיר! אָט דאָס וויל איך פון דיר! נאַ! נאַ! נאַ! איצט ווייסטו שוין, וואָס איך וויל פון דיר! און זי האָט זיך מיט איהרע פויסטען אַווארף געטוהן אויף איהם און האָט איהם גענומען שלאָגען, וואו זי האָט נור געטראָפען — אין קאָפּ, אין געזיכט, אין פּלייצע און טענה׳ט דערביי:— אַ ניט דער לעבען זאָלסטו!... איך וועל איהם פרעגען, און ער וועט זיך גאָר ניט מאַכען וויסענדיג! וואָס בין איך ביי דיר? האַ? איך ווער צעריסען שרייענדיג און ער שווייגט... דריי זילבערנע רובל, וואָס איך האָב פאַרהאַרע־

ווערט מיט בלוט און מיט שוויים, און ער ענטפערט נאך ניט... איך האב ביי איהם ניט פערדיענט!...

נחום איז שטארק איבעררֵאשט געוואָרען. ער האָט ניט געוואוסט, וואָס דאָ קומט פאָר; וועו זי האָט איהם געשלאָגען האָט ער עפּעס ווי ניט געפיהלט, דער נאך האָט ער זיך אויפגעכאפּט און האָט אנגעפאנגען שרייען מיט אנגעווייו: — גיט מיר אמעסער! האָט רחמנות, גיט מיר אמעסער! איך וועל זיך בעסער דעם לעבען נעהמען! האב אשווארץ יאָהר אזא לעבען... —

ס'זענען ארייגגעלאָפען פון קיך די מוטער מיט דער שוועסטער רייצעס, זיי האָבען אנגעהויבען שרייען אויף רייצען, אין שטוב איז געוואָרען אגעשריי, אגעפּילדער, אגעווייו. — וואָס האָט איהר זיך צושריגען? —האָט רייצע אנגעהויבען שרייען אויף דער מוטער מיט דער שוועסטער — איך האב דאך איהם ניט גע'הרג'ט! וואָס?... ס'קומט איהם נאך אקוילעטש? האַ?... ער פיהרט איבער מיינע פערהאָרוועטע געלט, מיין בלוט, מיין שוויים, און ער מאכט זיך גאר ווי נאר ניט! זאל דאָס איהם אנהויבען הארען, אפילו קיין סימן ניט!... גאר ניט! זיצט און קוקט ווי א גולם און ענטפערט אפילו ניט, ווי איינער רעדט: בילל, וואָס הארט מיך?...

— חאַ, חאַ, חאַ!... האָט זיך יענקל צו לאכט.

— וואָס איז דער געלעכטער אויף דיין קאָפּ? — פרעגט איהם זיין ווייב—

—חאַ, חאַ, חאַ, בהמה! פרעגסט נאך, וואָס איך לאך?... אז איך זאג דיר, מען רופט איהם שלים׳מזל׳ניק, איז ער טאקי אשלים׳מזל׳ניק, וואָס זיצט ער ווי א יודענע און וויינט? האַ? אמאנסביל איז ער? אז ער זאל זיין אמאנסביל, וואלט ער דאך אויפגעשטאנען און וואָלט איהר געגעבען צוויי פעטש, אז זי וואלט זיך בע׳דמ׳ט אויפ׳ן ארט. וואָס וויינט ער? האסט שוין געזעהן אויף דיין לעבען, אז אווייב זאל שלאָגען דעם מאן, און ער זאל וויינען? אמצוה, ווי איך בין איוד. רייצע. מענסט געבען נאך: ס'איז אמצוה אזעלכען שלאָגען!

— שוויינ שוין, שוויינ, אלטער נאר, — זאגט איהם זיין ווייב.

נחום׳ל איז ארויס געגאנגען אויפ׳ן גאס און האָט זיך אוועקגעזעצט אויף זיין שטענדיגען ארט — אויף זיין איבערגעקערטען קאסטען. ס'איז שוין געווען נאכט. אויפ׳ן הימעל זענען ארומגעשווימען געדיכטע וואלקען׳ס. די לבנה האָט זיך צייטענווייז בעוויזען און בעהאלטען... א שמעקעדינער ריח האָט זיך געפיהלט אין דער לופט און פון דער ווייטען האָט זיך געטראָגען א ליבע, זיסע געזאנג פון יונגע שטארקע פרעהליכע קולות און זי האָט אנגעפילט דאס הארץ עפּעס מיט אזא ווייכקייט, זיסקייט, מיט אזא מין בענקעניש...

נחום איז געזעסען און האָט גאר ניט געזעהן און ניט געהערט. ער האָט נור איין זאך געפיהלט, — ווי אין האלדז ווירגט איהם און אין הארצען איז עפּעס אזוי שווער...

— פאר וואָס האָט ער איהר געשווינען? פאר וואָס האָט ער איהר טאקי ניט געגעבען אפאר פעטש, ווי דער אלטער האָט געזאגט? — דער געדאנק האָט איהם גענומען שטארק מאטערין, אין דעם איז ארויסגעגאנגען זיין יונגעל, און האלטענדיג אראפגעלאזט דעם קאָפּ, האָט ער גענומען צו געהן צו נחום׳ן.

— אַוועק פֿון מיר ! האָט נחום אויסגעשריען מיט כעס : — צו דיין מאַמען געה !..

דאָס קינד האָט אַשווערן זיפֿץ געטהון און ער איז גיך אָפּגעטרעטען. זיין זיפֿץ האָט עפּעס ווי אָבגעריסען ביי נחומ'ען אין האַרצען, טרעהרען האָבען זיך איהם געשטעלט אין די אויגען. „וואָס איז דאָס קינד שולדיג — טראַכט ער, — אַז איך בין אין כעס אויף איהר ?" — און אויפ'ן האַרצען איז איהם געוואָרען נאָך שווערער און טרויעריגער. —

---

## VIII.

אין גראָפּלישאַק געפֿינען זיך ביי פֿיערצעהן יודישע געזינדען. דער האַנדעלט מיט ברויט, דער איז אַקרעמער, דער אַשניידער, אַ סוחר פֿון אָקסען, קעלבער אַ קצב, אַ סטאָליער און זיי לעבען זיך ווי ניט איז. קומט אָבער סוף זומער וואַרפֿט אַוועק דער קרעמער די קראָם, דער שניידער — די שער, דער קצב — די האַק, און אַלע ווערען סוחרים. מען פֿליהט, ווי די פֿער'סמ'טע מייז, צו די דייטשען אויפקויפֿען „סוועריפע".

אין דעם טומעל פֿון אָט דעם האַנדעל נעמט נחומ'ל אויך אַטייל. ער איז דאָך עפּעס אַ סוחר פֿון אַגאַנץ יאָהר. קיין גרויסע קניות מאַכט ער אפילו ניט, אָבער קויפֿען איין פֿוהרעל „סוועריפע" און אָפּפֿיהרען אין שטאָדט איז ניט קיין גרויסער אומגליק, ער שטעלט איין.

איין מאָל האָט ער אַוועקגעפֿיהרט אַ פֿוהר „סוועריפע" און האָט דערלעגט אַפּאָר רובל. דאָס איז געווען פֿרייטאָג. אַ ויינגער פֿינף פֿאַר נאַכט איז נחום געקומען אַהיים ; אין שטוב איז געווען אַנ'איבערקעהרעניש : רייצעס שוועסטער איז געלעגען איבער דער ערד, דאָס קליידעל פֿאַרשטעקט ביים נאַרטעל און האָט געשמירט די פּאָדלאָגע לכבוד שבת. רייצעס עלטערע מעדעל פֿון אַיאָהר צעהן מיט ווייסע האָר, זומער פינטלעך אויפ'ן פנים, איז געשטאַנען אין דער זייט און האָט געוואַשען אַבאַנק, שייערענדיג איהר פֿריהער מיט זאַמד. די אַלטע, רייצעס מוטער האָט געקאַכט אויף שבת אין רייצע האָט געכשר'ט לונגען. יענקל איז געשלאָפען אין דער צווייטער האַלבער שטוב, וואָס מען רופֿט דאָס : „די זאַל".

ווען נחום איז אַריינגעפֿאָהרען אין הויף, האָבען אַלע, ווי שטענדיג, באַלד דער־קענט, אַז ער האָט דער לעגט ; נור איצט איז רייצע ניט אַרויסגעלאָפֿען צו איהם מיט כעס, ווי אַלע מאָל : זי האָט פֿון זיך אַראָב געוואָרפֿען דעם מאַנסבילשען יאָך און איז געווען אין גאַנצען איבער געגעבען צו די ווייבערישע אַרבייט — אָנגרייטען אויף שבת. זי האָט זיך אויף אַווילע אַריינגעגעבען אין איהר אמת'ער וועלט, צו וועלכער יעדע יודישע טאָכטער איז צו געבונדען ; זי איז איצט געווען ווייט פֿון איהר שטענדיגען „הו־האַ" ; זי האָט זיך דאָ, ביי איהר אַרבייט, אָבגערוהט פֿון אַלעס, אין וואָס זי איז ניט ווילענדיג אַריין. איצט האָט נחומ'ס נידערשלאַגענהייט ניט אַרויסגערופֿען קיין כעס, נערוויזקייט, פֿערקעהרט : אַקוקגעבענדיג, ווי אַזוי נחום איז געזעסען אין וואָגען, איינגעקאָרטשעט, אומעטיג, נידערשלאַגען, איז איהר געוואָרען זעהר אומעטיג ; זי האָט בעקומען אויף איהם גרויס רחמנות, ס'איז איהר אין האַרצען

עֶפּעֶס ווי עֶנג געוואָרעֶן... רייצע האָט איצט גאָר ניט געֶטראַכט וועֶגעֶן דעֶרלעֶנגעֶן, ויפּיעל עֶר האָט דעֶרלעֶנגט, וואָס עֶר האָט דעֶרלעֶנגט.

נחום איז אַריין אין הויז. עֶר איז געֶגאַנגעֶן שטיל. דעֶם קאָפּ אַראָבגעֶלאָזעֶן, מורא'האָבעֶנדיג, עֶר זאָל היינט ניט בעֶקומעֶן זיין שטעֶנדיגעֶ פּאָרציעֶ. עֶר האָט ניט געֶוואוסט וואָס צו טהון, וואָס צו זאָגעֶן.

רייצע האָט איהם ארויסגעֶפּיהרט פֿון זיין צומישונג: — ווי אַזוי האָסטו עֶפּעֶס געֶמאַכט? — האָט זי איהם אָפּרעֶג געֶטהון מיט אַזאַ קול, וואָס עֶר האָט נאָך קיין מאָל ניט געֶהעֶרט אין אַזאַ צייט פֿון איהר. עֶר איז געֶבליעבעֶן שטעֶהן אַמינוט און האָט איהר אָנגעֶקוקט: עֶר האָט ניט געֶקאָנט פֿעֶרשטעֶהן, ווי קומט דאָס, אַז רייצע זאָל ניט שרייעֶן.

— איך האָב געֶנומעֶן צו פֿינף און דרייסיג — האָט עֶר ארויסגעֶרעֶדט שטיל קוקעֶנדיג אויף דעֶר עֶרד, וואו ס'האָט זיך געֶשפּילט דאָס קינד. אויסגעֶשמירט אין ליים. — און געֶקאָסט האָט איהם די „סווערינפֿע" אכט און דרייסיג.

— פֿינף און דרייסיג? אַהאָ!... ווי קומט דאָס, וואָס ס'איז עֶפּעֶס מיט אַמאָל אַזוי געֶפֿאַלעֶן? — פֿרעֶגט רייצע — פֿאַראַכטאַגעֶן איז דאָך געֶוועֶן אַזוי שטייף?

— דעֶר שווארץ יאָהר וויים זיי! — האָט זיך נחום אָן געֶרופֿעֶן, נור שוין פֿיעל העֶכעֶר. אויפֿהויבעֶנדיג די אויגעֶן אויף איהר. און אַז עֶר האָט דעֶרזעֶהן, אַז זי איז ניט אין כעס, פֿעֶרקעֶהרט, זעֶהר ווייך, האָט עֶר זיך שוין אין גאַנצעֶן איבעֶר געֶבעֶטעֶן, איז געֶגאַנגעֶן פֿרייעֶר, געֶרעֶדט העֶכעֶר, פֿרעֶהליכעֶר: — דו וועֶסט ביי זיי דעֶרגעֶהן אַמאָלק... דאָ איז ביי זיי אַרויף, דאָ—אַראָפּ... געֶה זיי אַמלאָך... וויים... פֿאַראַכטאַגעֶן איז געֶשטאַנעֶן אַזוי שטייף, און היינט גאָר אַזוי... די היגעֶ „סוחרים" אונזעֶרעֶ מעֶגעֶן דאָ אָנשטאָפּעֶן די דייטשעֶן...

— יאָ—שלאָגט איהם רייצע איבעֶר, שניידעֶנדיג דעֶם לונג — ס'נעֶהמט זיי גאָר קיין קויל ניט. דעֶר שווארץ יאָהר וויסט זיי... מעֶן פֿליהט דאָס!... מעֶן אַרבייט דאָס!... אַזוי ווי פֿאַר דעֶר „מיתה משונה"... מעֶן צאָהלט „פּאָמפּעֶן" וויפֿיעל עֶר וויל אליין... און דו וויסט וועֶר ס'איז דעֶר „מלאך המות"? — משה'לע! קיין נוטס, קיין נחת, רבש"ע, זאָל עֶר נור ניט האָבעֶן... דאָס איז איינאַויסוואָרף; עֶר פֿליהט דאָס אַבּיסעֶל! עֶר אַרבייט דאָס! מיט די זייטעֶן זאָל עֶר נור זוכה זיין צו אַרבייטעֶן...

אַשמייכעֶלע האָט זיך אָנגעֶהויבעֶן שפּיעֶלעֶן אויף נחום'ס ליפּעֶן. עֶר האָט זיך איינגעֶבויגעֶן צום קינד, וואָס איז געֶזעֶסעֶן אויף דעֶר עֶרד, האָט איהם געֶנומעֶן אויף די העֶנד און איהם געֶגעֶבעֶן עֶטליכעֶ הייסעֶ קושעֶן, עֶר האָט זיך אַוועֶק געֶזעֶצט אויפֿן שועֶל און אָנגעֶהויבעֶן שפּיעלעֶן מיט איהם: וואַרפֿעֶן איהם, שאָקלעֶן, טרויסלעֶן, רעֶדעֶן צו איהם. נחום האָט זיך געֶפֿיהלט זעֶהר גוט אויפֿ'ן האַרצעֶן, ס'איז איהם נאָך קיינמאָל אַזוי פֿרעֶהליך ניט געֶוועֶן.

אין דעֶר צייט, ווען נחום מיט רייצען האָבעֶן דאָ געֶרעֶדט, איז יענקל שוין ניט געֶשלאָפֿעֶן; עֶר איז זיך אַזוי געֶלעֶגעֶן: ס'האָט זיך איהם ניט געֶוואָלט אויפֿשטעֶהן. עֶר איז אַרוים פֿון „זאָלי" אָן אַ זשיליעט, דאָס היטעֶל אויף אַזייט, די אַרבעֶל פֿאַרקאַט-שעֶט, דעֶר טלית קטן פֿעֶרדרעֶהט. אַקוק געֶבעֶנדיג אויף נחום'ן איז עֶר געֶוואָרעֶן „לעֶבעֶנדיג".

— אַהאַ, שלימ'מזל'ניק, ביסט שוין דאָ?!... האָסט שוין געֶהאַט אַנ'עליה! ביסט שוין עולה לתורה געֶוועֶן! חאַ, חאַ, חאַ!...

נחום איז ווי פֿון הימעל אַראָבגעפֿאַלען; דער שמייכעל אויף זיינע ליפען איז פֿערקרימט געוואָרען; ער האט אַראָבגעלאָזען די אויגען. דאָס קינד וואָס האָט זיך ביז אַהער געשפּילט ביי איהם האָט אויך דערפֿיהלט, אַז ס'איז עפּיס אומגעביטען געוואָרען.

יענקל האָט אָבגעגאָסען נעגעל וואַסער און האָט זיך אַוועק געזעצט אויפ'ן שוועל פֿון שטוב.

— יאָ, ווי איך בין אַיוד — האָט ער אָנגעהויבען — וואָס זאָגסטו עפּעס, רייצע אויף דיין „בן מלך״ ?״ האַ ? ער האָט עולה לתורה געווען! חאַ, חאַ, חאַ !... איך ליג מיר דאָרט און הער זיך צו, ווי אַזוי ער דערצעהלט זיך דאָס. אַז ער האָט גע־לייזט פֿינף און דרייסיג, ער מיינט איך האָב ניט געהערט !... עולה לתורה געווען... ווער איז חאָטש דאָרטען געווען דער גבאי, וואָס האָט דיך מכבד געווען מיט אַזא גוטע „עליה״ ? האַ ? נו, נו, ביסט אַ בריה !..

רייצען האָט נאָך קיינמאָל אַזוי ווי היינט ניט פֿאַרדראָסען אויפ'ן פֿאָטער, וואָס לאַכט פֿון נחום'ן.

— הער שוין אויף, טאַטע, — האָט זי זיך אָפּגערופֿען מיט כעס, — זעה בעסער צו פֿערזאָרגען וואַסער אויף שבת.

נחום האָט אויף איהר אַקוק געטהון מיט אַזוינע תחנונים'דיגע אויגען, גלייך ווי ער וואָלט געזאָגט: האָב רחמנות, מאַך שטיל דעם אַלטען כלב...

וואַסער, — זאָגט יענקל, — וואָס זאָגסטו עפּעס מיר ? זאָג דיין „בן מלך״, דאָס וועט זיין אַבעסערע עליה, ווי די „סווערימפע״... ער האָט דאָס אביסעל עולה לתורה געווען... רייצע, האָסטו שיין געגעבען חאָטש עסען דיין בן מלך, האַ ?

— אָבער וואָס האָרט דיך פֿאַר איהם היינט מעהר ווי אַלע מאָל ? — האָט זיך אָפּגערופֿען רייצע, זענענדיג שוין גוט אין כעס.

— וואָס הייסט, איך מיין פּשוט, גיעב איהם טאקי עסען, ער האָט זיך דאָך אָנגעהאָרעוועט דער בריה...

— אָבער לאָז צו רוה ! וואָס ווילסטו האָבען ? איך וועל שוין אַליין בע־זאָרגען וואָס איך דאַרף, געה דיר צו דיין זאַך, ער קומט נאָך אויך שיטען זאַל'ץ אויף די וואונדען...

דער אַלטער איז עפּעס אָבהענדיג געוואָרען און איז ענטשווינען געוואָרען, און נחום'ל שטעהט און קוקט מיט אויגען פֿול מיט דאַנקבאַרקייט אויף זיין רייצען, וועלכע ער קאָן גאָר היינט ניט דער קאָנען, עפּעס גאָר ניט די רייצע, וואָס אַלע מאָל. עפּעס גאָר אַנ'אַנדערע איז זי מיט אַמאָל געוואָרען...

— היינט ווי וואָלט געווען, אַז ער וואָלט נאָך פֿערדיענען געלד ?.. נעהט איהם דורך אַגעדאַנק און אַ לייכטער זיפֿץ האָט זיך איהם אַרויסגעריסען פֿון האַרצען...

א ד ע ס א.

דוד ראַשאַווסקי.

# יודען אין דער נייער רוסישער ליטעראטור.

(ענדע).

## IV.

אין דעֶר לעֶצטעֶר צייט האָט יושקעֶוויטש אָנגעֶהויבעֶן צו שרייבעֶן גרויסעֶ ערציילונגעֶן, צוויי פון זיי זענעֶן אריין אין עֶרשטעֶן באַנד: „איטעֶ היינעֶ“ און „ראַספּאַד“ (די צעֶרשטעֶרונג). די עֶרשטעֶ עֶרציילונג האָט געֶמאַכט אין דעֶר ליטעֶראַרישעֶר וועֶלט אַ גרויסעֶן רושם. בנוגע צו קונסט און טאַלאַנט שטעֶהט זי באמת ניט העֶכעֶר ווי „דעֶר שניידעֶר“ אָדעֶר „דער שעֶנקעֶר הײמאַן“. אָבעֶר נאָך איהר רייכעֶן, ווייט און ברייט פעֶרהאַפטעֶן און דעֶר עיקר נ י י ע ן אינהאַלט קומט „איטעֶ היינעֶן“ בלי ספק דעֶם אויבעֶן־אָן צווישעֶן די איבּרינע עֶרציילונגעֶן. אַ נייעֶ וועֶלט צרות, נייעֶ בעֶאָבּ־אַכטונגעֶן און נייעֶ פראָבּלעֶמעֶן פון יודישעֶן לעֶבּעֶן, וועֶלכעֶ זעֶנעֶן ביז איצט נאָך ניט בעֶריהרט געֶוועֶן אין דעֶר ליטעֶראַטור, קומעֶן פאָר אין „איטעֶ היינעֶ“. אַ גאַנצע גאַ־לעֶרייע נעֶפאַלעֶנעֶ און פעֶרלוירעֶנעֶ נפשות — קרבנות פון דעֶר מורא׳דינעֶר אָרימ־קייט — פיהרט אַרוים יושקעֶוויטש אין דעֶר דאָזיגעֶר עֶרציילונג. פעֶרפיהרטעֶ מיידלעך; יונגעֶ לייט — בעֶטרינגעֶר, וואָס לעֶבּעֶן אויפ׳ן חשבון פון זייעֶרעֶ געֶליעבטע; מיידלעֶך — אַמעֶן; ווייבּעֶר, וועֶלכעֶ נעֶהמעֶן אויף האָדאַוואַניע, וועֶלכעֶ ברעֶנגעֶן אום „איבּרינעֶ קינדעֶר“, און נאָך אַזאַ אָבּפאַל פון דעֶר געֶזעֶלשאַפט.

איטעֶ, די העלדין פון עֶרציילונג, איז אַ מיידעֶל מיט אַ עֶהרליכעֶם האַרץ, מיט אַ כשר׳ה נשמה, מיט ריינעֶ, טיעפע נעֶפיהלעֶן. צום אומגליק איהרעֶן ליעבט זי זיך איין אין איינעֶם מיכעֶל, אַ שאַרלאַטאַן, אַ לעֶדיגגעֶהעֶר, אַ גראָבּעֶר, פעֶרדאָרבּעֶנעֶר יונג. עֶר האָט איהר פעֶרכשוף׳ט מיט זיינעֶ זיסעֶ רעֶד, מיט זיינע פאַלשעֶ שבועות. בעת עֶר האָט זיך געֶשדכן׳ט צו איהר איז עֶר נאָך געֶוועֶן אַנ־אַרבייטעֶר אין אַ טאַ־באַק־פאַבריק און האָט צוגעֶזאָגט חתונה האָבּעֶן מיט איהר און לעֶבּעֶן ווי גאָט און לייט הייסעֶן. זי האָט איהם ליעב געֶקראַגעֶן מיט דעֶם גאַנצעֶן פייעֶר פון איהר הייס־ליעבּעֶנדעֶן האַרץ און האָט זיך אָבּגעֶגעֶבּעֶן אין גאַנצעֶן אין זיין רשות. איהר ליעבע איז געֶוועֶן די נעֶטיג, אין וועֶלכעֶ זי איז געֶפאַנגעֶן געֶוואָרעֶן און פון וועֶלכעֶר זי האָט זיך שוין מעֶהר ניט בעֶפרייט. חתונה האָבּעֶן וויל עֶר ניט. אַרבּייטעֶן אין פאַבריק הערט עֶר אויף און צווינגט איטעֶן זי זאָל אַרבּייטעֶן, זי זאָל דיענעֶן אין דעֶר פרעֶמד כדי איהם געֶלד צו געֶבּעֶן. עֶר האָט זיך איינגעֶזויגעֶן, איינגעֶגעֶסעֶן אין איהר ווי אַ ווילדעֶ חיה, געֶהרג׳ט, געֶשלאָגעֶן, די האָר געֶריסעֶן, — זי זאָל איהם וואָס מעֶהר געֶלד פעֶרשאַפעֶן. זי האָט געֶבּוירעֶן דאָס עֶרשטעֶ קינד. איהרעֶ מיטעֶרליכעֶ געֶפיהלעֶן

צינדען זיך אָן, בליהען אויף. זי קען זיך מיט דעם קינד ניט שיידען. ער אָבער, דער טיראַן, וויל זי זאָל אַנ־אָם ווערען, וואָס מעהר געלד פאַר איהם צו פערדיענען. זי ליעבט איהם... און מיט אַ צעבראָכענעם האַרץ טהוט זי דאָס וואָס ער וויל. איהר קינד, די אויגען פון איהר קאָפּ, גיט זי אַוועק הינטער'ן שטאָדט אויף האָדאָוואַניע און אַליין פערקויפט זי זיך צו אַ פרעמד קינד. דאָס פרעמדע קינד וואַקסט און בליהט פון איהר מילך — איהר אייגענעם דאַרט און קוואַרט הינטער'ן שטאָדט אין אַ אָרים הייזעל. זי בעט זיך ביי מיכלען רחמים, ער זאָל, חאָטש צוליעב דעם קינד, אָנהויבען אַרבייטען און אויפפיהרען זיך ווי אַ מענש, אָבער ער טהוט זיך זיינס.

— „אַז דו וואָלסט געוואָלט זיין אַ מענש, מיכעל, וואָלט נאָך געקענט זיין ביי אונז א לעבען" — האָט איהם איטע אַ מאָל געזאָגט, — „אַז דו וואָלסט נור אָנגעהויבען צו אַרבייטען"...

— „רעד קיין נאַרישקייט ניט — האָט מיכעל גראָב געענטפערט — איך האָב פיינד דיין אַרבייט. נאַראָנים אַרבייטען, אַ קלוגער לעבט גוט אָן אַרבייט אויך"... (זייטע 302).

ער האָט עטליכע מאָל זאָגאַר „פאַרגעלעגט" איהר — אויף דער גאַס געהן ביי נאַכט פערדיענען... ווי עס טהוען הונדערטער אַנדערע לייטישע מיידלעך:

— „גערענק, מאָרגען געהסטו מיר אויף „דער גאַס" און וועסט ברענגען געלד. גענוג צו מאַכען צערעמאָניעס" — און דערביי האָט ער בעוויזען דעם פויסט...

— „זעהסטו, דאָס, מיכעל, וועל איך קיין מאָל ניט טהון — האָט איטע רוהיג געענטפערט. — קענסט מיך אַפילו אויף טויט הרג'ענען"... (זייטע 269).

אין איהר פינסטערען לעבען איז דער איינציגער שטראַהל נחת — דאָס קינד. אָבער אויך דער שטראַהל געהט גיך אונטער. דאָס קינד ווערט קראַנק אויף „קרופּ" און שטאַרבט אין שפּיטאַל... זי געפינט אין זיך קיין כחות ניט אַוועק צו געהן פון מיכלען, וועלכען זי האָט ליעב און פיהרט איהר קאַטאַרגע ווייטער...

דאָס איז דער קצור פון דער ערציילונג. באריכות ווערט דאָרט געשילדערט אַלץ וואָס איטע היינע טראַגט אַריבער אונטער דעם יאָך פון געליעבטען אַלע איהרע יסורים, אַלע איהרע וועהטאָגען פאַר זיך און דאָס קינד, איהר רייסען זיך צו אַ מענשליכען פאַמיליען־לעבען, איהר שטרעבונג צו אַ רוהיגער, ערליכער ליעבע. דערביי ווערד בעשריבען דאָס לעבען פון די „איבריגע קינדער", וועלכע האָדעווען זיך סוף שטאָדט זאָלבע 8—10 אין איין הויז, וועלכע פון גרויס שמוטץ, פון ניט דער־עסען און ניט דערטרינקען, אַנשטעקענדע קראַנקהייטען דערציעהען ניט אַ האַלב יאָהר. אויך דערציילען זיך נאָך איינינגע היסטאָריעס, אַזוינע ווי איטע היינעס. פון נאָך יודישע טעכטער, וועלכע געצוואונגענע אין די צאַנגען פון „ליעבע" זענען נאָך פיעל אומגליקליכער געוועזען ווי איטע: זיי זענען אַפילו אויף דער גאַס געגאַנגען מסחר'ן מיט זיך, ווייל אַזוי איז געוועזען דער רצון פון זייערע געליעבטע. זיי האָבען ניט פער־מאָגט איטעס אינערליכע גבורה, איהר פעסטע זיטליכע קראַפט — און אַז מען האָט זיי געשליידערט אַראָפּ, האָבען זיי זיך ניט געקענט אויפהאַלטען און זענען געפאַלען אַלץ נידעריגער און נידעריגער.

אַזוינע מיכעלס, גיטעלס, עטעלס, איטעס, יאַשעס, צירעלס און מאַניעס, (פערזאָנען פון ערציילונג) זענען אויגענטליך ניט בלויז יודישע טיפען. מען קען זיי בעגעגענען אין די אָרימע קלאַסען פון אַלע נאַציעס. דאָס זענען ניכער בילדער פון דער אַלגמיינער נויט און אָרימקייט. אָבער אויך אין דער יודישער געזעלשאַפט — אויף דעם אבגרונד — זענען פערהאַן אַזוינע געפאַלענע, אבגעלאָזענע נפשות. אין

די גרויסע יודישע צענטרען, ווי למשל, אדעס, לאדז, ווארשוי, ווילנא בעגעגענט מען זיי הונדערטער וויז. ביז יושקעוויטשען האט קיינער מיט אזוינע פסולת פון יודישען לעבען ניט בעשעפטיגט זיך, אבער דאס הייסט נאך ניט, אז פסולת איז ניטא. איטע אבער איז א עכט יודישער טיפ, א אמת'ע יודישע טאכטער: איהר בענקען נאך א כשר'ן פאמיליען לעבען, איהר ליעבע צום קינד, די זיטליכע ריינקייט פון איהר'ע מחשבות און מעשים — דאס זענען הויפטזעכליך יודישע מדות.

אין דער צווייטער גרויסער ערציילונג „ראספאד" (די צערשטערונג) בעשרייבט יושקעוויטש דאס לעבען פון מיטעלע יודישע בעלי־בתים. ער איז א סוחר, די געשעפטען געהען שלעכט, די הוצאה איז גרויס און מען מוז שווינדלען און האווענען דאס הויז לייטען גלייך צו פיהרען. זי איז א אשת חיל, העלפט דעם מאן שלעפען דעם יאך — אלץ צוליעב די קינדער. די קינדער אבער האבען ווענינ מיטלייד מיט די עלטערען. זיי זעהען נאר ניט, זיי ווייסען גאר ניט, ווי פיל קרבנות, ווי פיל ענוים און יסורים ליידען אויס די עלטערען אין דער שווערער מלחמה פאר'ן לעבען. איינער ארבייט אין א קאנטאר, דער אנדערער פאהרט קיין אויסלאנד שטודירען, דער דריטער איז א שלים־מזל, דער פירטער פערנעמט זיך מיט פאלקס־אינטערעסען. יעדער לעבט זיך בעזונדער, יעדער געהט אין זיין וועג און ווייסט ניט וואס עס טהוט זיך מיט דעם צווייטען. טאטע־מאמע פערשטעהען ניט די קינדער. די לעצטע זענען דערווייטערט פון די עלטערען. עס עפענט זיך א תהום צווישען די עלטערען און די קינדער, צווישען איין קינד און דעם צווייטען — די גאנצע פאמיליע ווערד צערשטערט. [1])

„עלטערען און קינדער" — איז אנ'אלטע פראגע אין ליטעראטור. אבער אין יעדער תקופה בעקומט די פראגע אנ'אנדער פנים. ווייל סיי די עלטערען, סיי די קינדער נעהען צוזאמען מיט דער צייט פאראוים. יושקעוויטש בעריהרט די פראגע, ווי זי שטעהט איצט אין יודישען לעבען, בפרט אין דער מיטעלער בורזשואזיע. אסך אמת קען דארט יעדער געפינען.

* *

דאס אלץ — זענען די ערשטע ליטעראַרישע טריט יושקעוויטשעס. זיין וועג איז לאנג און ברייט און ער געהט מיט מוט און ענערגיע פאראוים און ער וועט געוויס נאך אסך יודישע בילדער איינגעבען אין דער רוסישער ליטעראטור. אין גיכען וועט ערשיינען זיינע א גרויסע ערציילונג „די יודען". [2])

וועגען די איבריגע יונגע רוסיש־יודישע שרייבער — אנ'אנדערס מאל.

מענדיל לעווין.

---

[1]) דער אינהאלט פון „ראספאד" איז פיל פרטים עהנליך אויף די בעוואוסטע רוסישע דראמען — גארקי'ס („די מעשצאנעס") און ניידאנאוו'ס („וואניושין'ס קינדער"). ביי יושקעוויטשען זעהען מיר ווי די יודישע פאמיליע פערליערט איהר אינערליכען צוזאמענבונד און ווערד צופאלען, ביי גארקין און ניידאנאוו — די רוסישע פאמיליע. ווי עס שיינט, די זעלבע סאציאלע סבות גראבען אונטער די היינטיגע בורזואזשיען־פאמיליע סיי ביי יודען, סיי ביי קריסטען. זיין „ראספאד" האט יושקעוויטש אנגעשריבען נאך אין 1895 יאהר, א סך פריהער איידער גארקי'ס און ניידאנאוו'ס דראמען האבען ערשיינט, און פאלגליך אונטער קיינעם'ס ווירקונג איז ער ניט געוועזן.

[2]) איז שוין ערשיענען. רעד.

# אָדעסער יודישע גאַס.

(אַ ב־ייעף פון אָדעס).

---

אין דרום־רוסלאַנד איז אָדעס איינע פון די וויכטיגסטע שטעדט: איבער א האַל־בע מיליאָן מענשען זענען דאָרט פאַראַן, צווישען זיי איבער 150 טויזענד יודען. איך מיין, עס איז כדאי בעטראַכטען דאָס יודישע לעבען אין אַזאַ גרויסער שטאָדט. —

עס איז געווען א צייט ווען אין אָדעס האָט מען ניט געוואוסט פון ספּעציעלע יודישע אינטערעסען, פון א ספּעציעלען יודישען לעבען. נור צייטען בייטען זיך און אין די לעצטע 7—8 יאָהר האָט זיך אָדעס אויף אַזוי פיעל אומגעביטען אַז מען דערקענט זי ניט. אין אמת'ן גערעדט, שטעהט נאָך אָדעס זעהר ווייט פון א ווירק־ליך יודישען לעבען. 7—8 יאָהר זענען וועניג כדי דאָס אַלטע, פערפוילטע אויסצו־וואָרצלען און דאָס נייע, דאָס יונגע איינצופלאַנצען. —

היימישע אָדעסער יודען נעפינט איהר וועניג ביי אונז. דאָס רוב יודען בע־שטעהט אויס „גרים", געקומענע פון דער פרעמד. פון דער פּראָווינץ און אויך פון אויסלענדישע שטעדט ווי בראָד וכדומה. די יונגע מענשען וואָס קומען אַ הער שטו־דיערען ווערען איינגעשלונגען, אין דער מלחמה פאַר'ן לעבען, די פּראָווינץ־יודען בע־טראַכטען זיך אַלס פרעמדע, אַלס נעסט וואָס דאַרפען זיך ניט אַריינמישען אין קהל־זאַכען. דער „פרעמדער" יוד קען דאָ אָפּלעבען זיין גאַנץ וועלט'ל און ער בלייבט אַלץ פרעמד. דאָס גאַנצע „יודישע לעבען" ווערט דערפאַר געפיהרט פון די „פיינע" יודען וואָס האָבען על פי רוב מיט'ן יודישען אַ גאַר קליינע שייכות. די וועניגע אינטעליגענטע נאַציאָנאַליסטען וואָס דענקען און פיהלען יודיש זענען צו שוואַך כדי צו קענען עפּיס אויפטוהן. —

* * *

אויב אָדעס איז די צווייטע שטאָדט אין רוסלאַנד מיט איהר יודישע בעפעל־קערונג אַזוי איז זי אָן ספקות די „ערשטע" מיט איהר אָרימקייט און נויט. צווישען די פיעלע בעשרייבונגען פון די אָדעסער יודישע אָרימקייט איז איזידאָר בראָדאָווסקי'ס בוך „די יודישע אָרימקייט אין אָדעס" דאָס אינטערעסאַנטעסטע. „אין פעבראַל 1900 — שרייבט בראָדאָווסקי — זענען אין אָדעס געווען 9000 יודישע פאַמיליעס וואָס האָבען ניט געהאַט פאַרוואָס צו קויפען מצות אויף פסח; דאָס מאַכט אויס בערך 45 טויזענד נפשות (32% פון דער יודישער בעפעלקערונג *). אויסער דיעזע אָרימסטע

---

*) לויט די סטאַטיסטיק פון Booth זענען אין דער אָרימסטער שטאָדט פון דער וועלט, אין לאָנדאָן, נור 30% אָרימע פאַראַן. —

זענען פאראַן 30—40 טויזענד יודען וואס לעבען פון טאג־פערדיענסט. פון די 3000 געשטאָרבענע אין 1899 זענען ביז 2000 בעגראבען געוואָרען אומזיסט און 650 נאכ'ן קלענסטען טאַריף".

דיעזע ציפערן רעדען פאר זיך אליין. כדי צו העלפען דיעזע ארימע האט זיך מיט א פאר יאהר צוריק געגרינדעט א „חברה אויף צו העלפען ארימע יודען". נור די חברה האט ניט נושא חן געווען ביי די אדעסער „בראדער" גבירים: אין גאנצען 1500 רובעל האט זי הכנסה געהאט אינ'ם לעצטען יאהר. אויב די ארימע האבען פון דיעזער חברה וועניג נוצען אזוי האט איהר וויצע־פרעזידענט דער „גוואלד־רב" ה'ר קרעפס זי אויסגענוצט פון זיינעט וועגען ביי די בחירות אין פארינען יאהר. —

אדעסער קהלה האט ניט נור אסאך א ר י מ ע יודען, נור זיי שטעהן אויך גייסטיג זעהר נידריג: לויט בראדאווסקי'ס בוך זענען צווישען די 50 טויזענד ארימע יודען פאראן נור 11% וואס קענען שרייבען און לעזען רוסיש און נור 24% וואס שרייבען און לעזען יודיש. „אין איין גאס פון אדעסער געטהא האבען פון 1393 יודען נור 114 געקענט לעזען און שרייבען יודיש; דיעזע אלע ארימע האבען אפילו קיין חדר געזעהן".

עס פערשטעהט זיך אז די חברה „מפיצי השכלה" וואס מיר האבען דא מיט איהרע 1400 חברים און מעהר אלס 30 טויזענד רובעל יעהרליכע הכנסה וואלט געקענט פיעל אויפטוהן; זי וואלט געקענט מיט דיעזען געלד 100 ביז 150 חדרים, אנפאנגס־שולען אינטערהאלטען וואו עס זאלען לערנען 8—10 טויזענד קינדער — פיהרען אבער די חברה „דער פערל" פון אדעסער אסימילאציע, די „כלומרשטע יודען" וועלכע האבען מיט'ן המון גאר ניט צו טהון. כמעט דאס גאנצע געלד גיבען זיי אויס צו אונטערשטיצען סטודענטען און מיטעל־שילער בעת די אנהייב־שולען ווערען נור מיט א קליינינקייט אונטערשטיצט.

אייניגע פיהרען אפילו מלחמה מיט דיעזער חברה, מען וויל זי נאציאנאליזירען און דעמאקראטיזירען — דערוויילל אבער זיעגען אלע מאל די „אפיציעלע" יודען. פיעל יודען פון דער מאסע קענען חברים ניט ווערען ווייל עס קאסט 5 רובעל א יאהר. עס איז דערפאר א שווער שטיקעל ארבייט דיעזע חברה אין אמת־יודישע הענד צו בעקומען. —

* * *

ווי ווייט די אסימילאטארישע יודען פיהרען נאך דאס רעדעל אין אדעס קען דיענען אלס בעווייז די חברה „ארבייט" („טרוד") וועלכע איז די איינציגע אין גאנץ רוסלאנד מיט איהרע גרויסע איינריכטונגען. עטליכע הונדערט ארימע יודישע קינדער לערנען דארט ווערען בעלי־מלאכות וואס פערשטעהן זייער פאך. האט אונז אבער נאט געשטראפט מיט א דירעקטאר ה' ה א פ מ א ן וועלכער וויל דורכאויס זיין א גרויסער ה ע ל ד ד. ה. ער וויל זיך ניט רעכנען מיט דער אלגעמיינער מיינונג, מיט דעם רצון פון די עלטערן, מיט די געפיהלען פון די קינדער וואס לערנען אין שולע „טרוד" — נור פיהרט ער אלעס אויף זיין אייגענער שטייגער; ער טיראניזירט די קינדער, ער מאכט מיט זיי און פון זיי וואס איהם גליסט זיך. די סקאנדאלען וואס קומען פאר אין שולע האבען אפט מאל געפיהרט צו עפענטליכע פראצעסען! און

דאָס אַלעס העלפֿט ניט — הר׳ האָפֿמאַן רעגירט זיך אין „זיין“ שולע, ווי אין די פֿריהערע צייטען אַ בייזער פּריץ אין „זיין“ דאָרף. —

* *
*

אָדעס בכלל איז אַ גליקליכע שטאָדט... זי האָט זיך איהרע מענשען וואָס פֿיהרען זי, וואָס זאָרגען פֿאַר איהר. האָט די שולע „טרוד“ איהרען בעריהמטען האָפֿמאַן, אַזוי האָט די קהלה, איהרען קרעפּס געגען וועלכען מען קען גאַר קיין מיטעל נעפֿינען. איך ווייס ניט, אפשר קען עס שוין הייטיגע צייטען געלונגען אַ מענשען וואָס האָט אַ קרעפּס (ראַק) בעקומען אויסצוהיילען — נור דאָס ווייס איך בעשטימט: אָדעס וועט קיינמאָל ניט אויסגעהיילט ווערען פֿון איהר קרעפּס... וואָס דאַרפֿט איהר מעהר, ווי אַ זעלכע בעקאַנטע חירורגען ווי די שוואַרצע באַלען ביי בחירות — און דאָך האָט עס ניט געהאָלפֿען. איהר געדענקט נאָך אַלע דעם רעש פֿאַר־יאָהרען ביי די ראַבינער וואַהלען, און ווי עפּיס אויף אַ וואונדער האָבען זיך כמעט אַלע פֿעראייניגט און געאַרבייט געגען קרעפּסען, און דער סוף? אויסגעקליעבען אַלס ראַבינער איז אונזער בעליעבטער הערר טיאָמקין — און ער וואוינט אין יעליסאַוועטגראַד און קרעפּס איז „פֿערשוואַרצט“ געוואָרען, האָט בעקומען וועניגער שטימען פֿון אַלע — און ער פֿיהרט די אָדעסער קהלה ביי דער נאָז, און אַנדערע זאָגען נאָך אַז אָדעס האָט קיינע פֿערזאָרגער...

מילא, קרעפּס איז אַ אַנשיקעניש פֿון גאָט... דער מענש איז אַליין געקומען נאָך אָדעס, האָט אָנגעטוהן אַ פּאַר לאַנגע שטיוועל און פֿאַהרט רייטענדיג אויפֿ'ן עולם. אָבער זיינע צוויי סגנים ד״ר אווינאָוויצקי און ה. פֿען — האָט דער עולם אַליין זיך אויסגעקליבען, אמת ער האָט דיעזע צוויי ברואים אויסגעקליבען, כדי דורך זיי פּטור צו ווערען פֿונ'ם קרעפּס — וואָס'זשע אָבער טוהן זיי? מאַכט מען שותפות מיט איהם — מיט'ן קרעפּס אַליין און מען רעגירט... ווי ווייט דיעזע דריי פֿאַרשטעהן אַ'נ'עסק האָבען מיר געזעהן דאָ ניט לאַנג ביי דער מאָביליזאַציע. דאַכט זיך אַ טרויריגער מאָמענט: יונגע און עלטערע מענשען מוזען געהן אויף לעבען און טויט צו שלאָגען זיך פֿאַר'ן פֿאַטערלאַנד — און אָט אזא מאָמענט האָט דער אָדעסער „ראַבינאַט“ אויסגענוצט כדי פּשוט צו שינדען די הויט פֿון אַלע יענע וואָס האָבען זיך אַהין געווענדעט. ד״ר אווינאָוויצקי האָט פֿערלאָזען זיינע פּראַקטיקא ביי די קראַנקע און האָט זיך גענומען צו די געזונדטע; הר׳ פֿען האָט איבערגעלאָזט זיינע ליטעראַרישע שרייבערייען און שרייבט וויכטיגערע זאַכען... און הר׳ קרעפּס שטעהט מיט'ן בייטשעל אין האַנד איבער זיי און ווייזט אָן די ריכטיגע פּלעצער...

* *
*

מיינט אָבער ניט אַז נור צרות קען איך ערציילען פֿון אָדעס. אָדעס איז די גרענעץ־שטאָדט צווישען רוסלאַנד און ארץ־ישראל. ביי אונז האָט געלעבט און געווירקט דער בעקאַנטער דר. פינסקער. אין אָדעס געפֿינט איהר אַזעלכע ליטעראַטען ווי אחד־העם, לעווינסקי, לילענבלום, בן־עמי, מענדעלי מוכר ספרים און נאָך פֿיעלע אַנדערע. אָדעס איז אַלע מאָל געווען דער צענטער פֿון די חובבי ציון; אויך די ציוניסטישע בעוועגונג האָט דאָ פֿיעל חברים געפֿונען. מיר האָבען דאָ אַ 5—6 טויזענד שקל־

צאָהלערס, אַ גרויסע צאָהל אגודות, אַ צענטראַל־קאָמיטעט. איהר געפֿינט דאָ אַלערליי מינים ציוניסטען: „ריין פּאָליטישע“ ציוניסטען, קולטוּריסטען, מזרחיסטען, אוגאַנדיסטען, טעריטאָריאַליסטען, „יאָ־און־ניין“ ואנעריסטען, נאַכט־אַזיליסטען — — אויב דאָס איז אויך וועניג אזוי האָט איהר נאָך ביי אונז אַלערליי „פּאַרשווינ“־ניסטען וואָס פֿיהרען, דרעהען, ליאַרמען, שרייען, קוואָקען... אויב איימיצען פֿון אייך איז אויסגעקומען צו זיין אויפֿ'ן קאָנגרעס אין באַזעל אזוי האָט איהר געווים אונזערע שרייערס בעמערקט. אין אמת'ן געזאָגט זענען די אַלע שרייערס ביי אונז וואָס ווייסען נור פֿון פּראָטעסטירען, פֿון צערשטערען און פֿערניכטען, וואָס האָבען נור איין צוועק, צו טומלען און זיך ווייזען — אין אמת'ן זענען זיי אין צאָהל ניט גרויס, נור דאָס איז שוין אַלע מאָל אַזוי: גראָד די וואָס שרייען, גראָד די וואָס מאַכען די גרעסטע סקאַנדאַלען — גראָד זיי פֿיהרען דאָס רעדעל, אַזוי אז פֿון דערווייטענס קען מען באמת מיינען אז דאָ זענען עפּיס פֿיעלע מענשען.—

די עטליכע שרייערס וואָס מיר האָבען בעגגינען זיך אָבער ניט מיט אָדעס אַליין, זיי ווילען. בעקאַנט ווערען אויף דער וועלט... און אָט צו דיעזעם צוועק מאַכען זיי איצט פֿאָרבערייטונגען צו אַ „קאָנגרעס“ ווי־אַהין עס זאָלען זיך צונויפֿקומען אַלערליי „איסטען“: טעריטאַריאַליסטען־אוגאַנדיסטען, „ריין“־פּאָליטישע ציוניסטען, הער־צעליסטען, „יאָ“־איסטען א. ד. ג.

וואָס מען וועט פֿערהאַנדלען אויף דיעזען „איסטען־קאָנגרעס“ קען איך ניט זאָגען ווייל די הויפּט־מאַכערס אַליין ווייסען אויך ניט. אַ פּראָגראַם איז ביז איצט נישׂא — אָבער רעשין קען מען דערווייל.—

און דער גרויסער עולם? וואָס זאָגט ער דערצו?

דער גרויסער עולם זיפֿצט און קרעכצט, בייגט איין דעם ריקען אונטער דער שווערער טעגליכער משׂא און הייבט ניט אן ווייסען אַז עס זענען פֿאַראַן מענשען וואָס פֿערזאָרגען איהם...

אין דער יודישער גאַס ביי אונז קאָכט עס און זידט; איינער פֿאַלט, דער אַנדערער אויך... מען שטופּט אָפּ אַ טאָג נאָך אַ טאָג און מען וואַרט, מען האָפֿט אויף דעם קומענדען מאָרגען אפשר וועט אַריינשיינען צו אונז די זונן און זעהען וועט יעדער די אַלע מיקראָבען וואָס אַרום אונז, וואָס אין אונז, און אפשר וועט עס אונז געלונגען זיך אַבטרייסלען פֿון זיי, אזוי אז די יודישע גאַס זאָל אַביסעל ריינער ווערען. —

ווער ווייסט? —

שלמה בן דוד.

אדעס חוה"מ סוכות.

# יודישע חראניק.

די „פּאַגראַמען“.— די מלחמה. — דאָס יודישע עלענד.— די יודישע עמיגראַציע און די דייטשע שיפפסגעזעלשאַפט. — באַלין דער „גרויסער יוד“.— עמיגראַציאָנס ביוראָ.— דאס שווייצערישע איינוואנדערונגס-געזעטץ און די באזעלער יודען.— א „פּאָגראָם“ אין לאָנדאָן.— אונזערע „„פּאָליטיקער“ און „פאַרשטעהער“.— דזשאָנסטאָן ווערט א אוגאַנדיסט.—

סמעלא... ראַוונא... סאָסנאָוויץ... יעקאַטערינאָסלאַוו... אלעקסאַנדריא. .

איינע נאָך דער אנדער׳ער זענען געקומען די ידיעות אין דעם פערגאַנגענעם חודש: „... אלע יודישע הייזער זענען צובראָכען...“ „... די יודישע בעפעלקערונג איז שרעקליך ניעדערגעשלאָגען...“ „... דער הונגער איז גרויס...“ דאָס איז דאָס געשריי, וואָס עס הערט זיך פון דיעזע שטעדט; און פון די איבריגע יודישע שטעדט הערט זיך א ציטערדיג קול: „מ׳איז אין איין פחד“.

ביז וואַנען?... ווי לאַנג?...

ווי פערטומעלט שטעהן מיר און ווייסען ניט אויף וואָס מעהר צו קלאָגען: אויף דעם, וואָס 10000 סמעלער יודען האבען פערגרעסערט דעם יודישען עלענד, צי אויף דעם, וואָס 10 טויזענד יודען, $^{2}/_{5}$ פון דער סמעלער בעפעלקערונג. האבען זיך בעהאַלטען אין די לעכער, און נור 60 יונגע לייט זענען ארויס אויף דער גאַס פערטיידיגען דאָס יודישע גוטס, דעם יודישען כבוד!

וועלכער צער איז גרעסער?..

„קישענעוו“ האָט אבגעטוידט אונזערע געפיהלען. מיר פיהלען שוין ניט מעהר דעם גאַנצען בזיון פון א יודישען פּאָגראָם, מיר מעסטען די פּאָגראָמען נור מיט דער מאָס פון קרבנות און ענפערען אויף איהם מיט טרערען..

ניי׳ מיר ווילען מעהר ניט וויינען!

און דער יודישער עלענד פערגרעסערט זיך פון טאָג צו טאָג, פון שעה צו שעה. פון איין זייט די יודישע פּאָגראָמען, און פון דער אנדערער זייט נעמט די מלחמה צו די יונגסטע געזונדעסטע ארבייטספעהיגע כחות — און אין דער יודישער גאַס וואַקסט דאָס שרעקליכע דחקות, און די יודישע עמיגראַציע ווערד אלץ גרעסער!

וואָס פאַר א שרעקליכער אומגליק איז דאָס צו זיין א „יודישער עמיגראַנט“! אויף דעם וועג פון דער „טשערטא“ מיט איהרע שרעקען אין דער נייער גהעטא מיט איהרע נייע צרות פיהלט ערשט דער יוד דעם דרייפאַכען אומגליק — זיין א אָרימער, יודישער עמיגראַנט. עס איז כמעט ניט צו גלויבען, ווי באַרבאַריש די עמיגראַנטען ווערען בעהאַנדעלט אויף דעם וועג. אונטער דעם שוץ פון דער פּריישישער רעגירונג ווערען זיי בעשווינדעלט, בעטראָגען און אויסגעזויגט דורך די דייטשע שיפּס-געזעלשאַפטען. אונטער דעם דרוק פון די רעגירונגס בעאַמטען און די שווינדלערייען פון די שיפּס-אגענטען ווערען די אָרימע עמיגראַנטען געצוואונגען צו קויפען דייטשע שיפּס-קאַרטען נאָך אמעריקא, חאָטש זיי האָבען שוין ענגלישע שיפּס קאַרטען, וואָס קאָסטען 3 מאָל וועניגער פון די דייטשע, אָדער תאָטש זיי פאָהרען גאַר ניט נאָך אמעריקא. דאָס באַגעהן זיך מיט די עמיגראַנטען איז אזוי נידערטרעכטיג, אז עס איז גאַר ניט מעגליך זיך פאַרצושטעלען, אז דאָס

קומט פאַר אין דעם קולטורנעם דייטשלאַנד. אפילו די ליבעראַלע פרעסע אין דייטשלאַנד האָט אַ־לאַנגע צייט געהאַלטען די ערצעהלונגען איבער דעם בעהאַנדלען פון די יודישע עמיגראַנטען פאַר גוזמאות און האָט זיי ניט געוואָלט גלויבען, נור דער בערלינער „פאָרווערטס" האָט בעוויזען, אַז די „גוזמאות" זענען פ אַ ק ט ע ן, וועלכע קומען פאָר יעדען טאָג אין דייטשלאַנד.

דער „פאָרווערטס" האָט גאַנץ פשוט געשיקט איהרען אַ קאָרעספאָנדענט אַלס „עמיגראַנט" וועלכער האָט אויף אייגענע פלייצעס געמוזט איבערטראָגען אַ חלק פון דעם וואָס אנדערע צעהנער־טויזענדער יודישע עמיגראַנטען טראָגען איבער אַלע טאָג.

עס פערשטעהט זיך אַז דער „פאָרווערטס" האָט באַלד די עפענטליכע מיינונג בעקאַנט געמאַכט מיט די באַרבאַרייען וואָס קומען פאָר, מיט די מערדערישע בעהאַנדלונגען פון די עמיגראַנטען.— (וואו זענען אונזערע יודישע צייטונגען)? מיינען זיי באמת אַז די דרייפוס־אַפערע און דער מזרחי־„קאָנגערס" פילען אויס דאָס גאַנצע יודישע לעבען? רעד.)

חאַראַקטעריסטיש איז דער בײ וואָס דער גאַנצער אויפטוהער פון די „עמיגראַנטען בעדער", דער דירעקטור פון דער „האַמבורג אַמעריקאַנישע" שיפסגעזעלשאַפט באַלין, איז אַ יוד. דאָס האָבען מיר פון אונזערע רייכע יודען! דאָ ניט לאַנג האָבען די דייטשע יודישע צייטונגען מיט שטאָלץ בעריהמט זיך מיט דעם „קרוב למלכות" באַלין, וועלכען ווילהעלם האָט פאָרגעלעגט דעם פאָסט פון אַמיניסטער, ווען ער וועט זיך שמד'ען — אין די יודישע שטעדטלעך האָבען זיך אודאי יודען געפרייט איבער דעם יודישען „קרוב למלכות", ניט פערשטעהענדיג, אַז דאָס איז נור אַ איבריגעס מיטעל כדי אויסצוזויגען די אָרימע יודישע עמיגראַנטען...

ערשט נאָכדעם, אַז דער „פאָרווערטס" האָט בעקאַנט געמאַכט וואָס איז פאָרגעקומען מיט איהר מיטאַרבייטער, האָבען אויך די איבריגע בלעטער אָנגעהויבען נאָכצופאָרשען, און אַצונד געפינט איהר יעדען טאָג אַזוינע געשיכטעס אין די צייטונגען. און ערשט אַז די „גוים" האָבען אָנגעמאַכט אַ רעש, האָבען אויך די יודען אָנגעהויבען קלערען אין דער זאַך, און דער יודישע „הילפס פעריין" אין דייטשלאַנד איז אַצונד אַרויס מיט אַ פאָרשלאַג וועגען גרינדונג פון אַ עמיגראַציאָנס ביורא און האָט זיך ש ו י ן טאַקע גענומען פאַר דער אַ ר ב י י ט.

וועגען דער נויטווענדיגקייט פון אַ עמיגראַציאָנס ביורא איז אונז שוין אויסגעקומען צו רעדען אין אונזער „חראַניק", מיר קאָנען איצט נור דעם פאָרשלאַג און די אַרבייט פון דעם הילפס־פעראיין" בעגריסען און וואונשען אַז דאָס ביורא זאָל ניט טראָגען דעם חאַראַקטער פון די איבריגע דייטשע פעראיינען „פאַר די רוסישע יודען"...

* * *

צי וועט אונז דאָס „ביורא" פיעל נוצען ברענגען וועלען מיר ערשט שפעטער זעהן; דערווייל אָבער ווערט די צאָהל פון די לענדער ווי־אַהין יודען קענען אייגוואַנדערן אַלס קלענער און קלענער. אפילו אין דער פרייען שווייץ הערען זיך שוין אויך שטימען פאַר אַ איינוואַנדערינגס־געזעץ. ווי לאַנג האָט זיך נאָך די שווייץ געריהמט מיט איהר גאַסטפריינדשאַפט! — און זי איז ווירקליך תמיד געווען זעהר גאַסטפריינדליך. אין קיין לאַנד געפינען זיך ב ע ר ך אזוי פיעל פערשיעדענע עמיגראַנטען פון די פערשיעדענסטע נאַציאָנען ווי אין דער שווייץ. די שווייץ האָט זיי אַלע כ מ ע ט תמיד זעהר גוט בעהאַנדעלט, דאָס קליינע שווייצערישע פאָלק האָט זיך תמיד געוויזען אַלס אַ פרייעס נאַסטפריינדשאַפטליכעס פאָלק. איצט זענען געקומען די יודען, און די שווייצערישע גאַסטפריינדשאַפט איז פערפאַלען געוואָרען. אין דער גאַנצער שווייץ איז ב ס ך ה כ ל דאָ געגען צוויי טויזענד יודישע עמיגראַנטען — און דאָך ווערט שוין אין דער פרעסע און בכלל גערעדט וועגען בעשרענקונג פון דער איינוואַנדערונג. און מען זאָגט דווקא אָ פ ע ן אַרויס ו ו ע מ ע ן מען מיינט: מען רעדט ניט וועגען „פרעמדען געזעץ", מען ווייזט אָן ברחל בתך הקטנה, מען רעדט פון „די רוסיש פוילישע י ו ד ע ן". און די בעשרענקונג וויל מען מאָטיווירען דערמיט, וואָס מענשען, וועלכע טויגען ניט פאַר רוסלאַנד, טויגען אויך פאַר דער שווייץ ניט". אמת, אין דער שווייץ האָבען די שווייצערישע י ו ד ע ן צוערשט אָנגעהויבען צו פאָרדערן אַ איינוואַנדערונגס געזעץ — עס איז שווער צו גלויבען, און דאָך איז דאָס אַ פאַקט, אַז צוריק מיט $1\frac{1}{2}$ יאָהר האָבען אַטייל ב אַ ז י ל ע ר י ו ד ע ן פערלאַנגט פונ'ם פאָליציי דירעקטאָר, אַז ער זאָל די י ו ד י ש ע א י י נ ו ו אַ נ ד ע ר נ י ט ע ר ל ו י ב ע ן צו באַזעצען זיך אין באַזעל, און האָבען זיך נאָך דערנאָך בעריהמט מיט דעם „ערפאָלג", אַז דער פאָליציי דירעקטאָר האָט זיי פערשפראָכען צו טהון דאָס וואָס זיי האָבען געבעטען אויף ניט אָפיציעלען

אופן, צו דעם כבוד פון די באַזלער ציוניסטען
מוז נעזאָגט ווערען, אז זיי האָבען אויף דעם
שאַרפסטען אופן פּראָטעסטירט געגען דיזעם
שענדליכען „ערפאָלג". נור ווי די זאַך איז —
די „איינוואַנדרונגס פּראַגע" איז שוין אויך דאָ
אין דער שווייץ. צוויי־טויזענד יודישע עמיגראַנטען
און שוין אַ יודישע איינוואַנדערונגס פּראַגע!
ביי אַזעלכע פערהעלטניסע קאָן אַ עמיגראַציאָנס
ביוראָ, וועלכעס פערשטעהט זיין אויפגאַבע,
זעהר פיעל נוצען ברענגען. —

* * *

בשעת אין די יודישע שטעדליך האָט
געדאָנערט... און די יודען זענען געלעגען אין די
קעלערס, האָבען די לאַנדאַנער יודען אַליין גע־
מאַכט אַ פּאָגרם... די לאָנדאָנער „פרומע יידען"
זענען ארויס אָנצונעמען זיך „קנאת ה' צבאות",
און מיט אַ געשלעגעריי זענען זיי ארויס געגען
די יודישע „פריידענקער" דער פאַר, וואָס זיי
האָבען ניט געוואָלט פאַסטען אין יום כפור. פאַר
„דעם גוי" האָט מען מורא און מאַן אַנטלויפט
פאַר איהם אויף זיעבען ווערסט, און פאַר דעם
„גביר" האָט מען גרויס דרך ארץ, אז ער קומט
צופאַהרען יום כפור אַ שמעק טהון אין שוהל
אריין — נור מיט פּראָסטע יודען איז זיך ניט
דאָ וואָס צו צערעמאָניען, און מיט קלעפּ נעמט
מאַן זיך זיי „אָנלערנען" פאַר זייער „אפּיקורסות".
ניט פערשטעהענדיג צו פערטיידיגען זייער איי־
גענע פרייהייט, פערשטעהען זיי אויך ניט צו
שעצען די פרייהייט און די איבערצייגונגען פון
זייערע ברודער, און אין זייער ווילדען פינסטערען
פאַנאַטיזם זענען זיי גרייט איינצוריכטען אַ נייע
אינקוויזיציע, — אַ „יודישע" אינקוויזיציע...

ניט ווייניגער נאַרעש און ווילד איז גע־
ווען דאָס פערהאַלטען זיך פון יענע „פריידענקער"
ביי דיזער געשיכטע, זייערע בעגריפען פון
„אויפקלערונג" און פון אינדיווידועלע פרייהייט
איז ניט ווייטער פון די בעגריפען פון זייערע
אָרטאָדאָקסישע געגנער. זיי זענען געגען דעם
כלל: „רעליגיע איז אַ פּריוואַטזאַך" — און רע־
כענען, אז די רעליגיע מוז בעקעמפפט ווערען;
די מיטעל אָבער, מיט וועלכע זיי „קעמפפען",
זענען נור מסוגל צו פערשטאַרקען די רעליגיע,
ניט צו שוואַכען זי — דען בעקעמפפט קען די
לעצטע ווערען נור דורך אויפקלערונג, דורך דעם
אריינטראָגען פון מעהר ליכט און אין קיין פאַל
דורך „צו להכעים" טהון. רייצען זיך: „הע הע,
דו פאַסט און איך ניט" — איז ווילד און נאַרעש.

און נאָך מעהר ווילד און נאַרעש (אום קיין
שאַרפערע אויסדרוקען ניט צו געברויכען) איז
צו ברענגען אַ פוהר מיט עסען און שטעלען
איהם נעבען אַ שוהל און דאָרט עפענען אַ רעס־
טאָראַן — דאָס פאַסט פאַר אַ אַלטמאָדישען
בורזשואַזנע משכיל, וואָס זוכט זיך „נוקם
זיין" אין דעם אַלטען יודענטום: ד, ה. בע־
וואוסט ארויס רופען אַ סקאַנדאַל; דאָס הייסט
אויך ניט עהרען די פרעמדע אינדיווידועלע
פרייהייט און פרעמדע געפיהלען; דאָס הייסט
בעוויזען חוצפה אקעגען יודען און ענדליך
הייסט דאָס ניט פערשטעהן די איי־
גענע אינטערעסען...

* * *

צווישען די פערשיעדענע טעלעגראַמעס.
וואָס דאָס אַקציאָנס קאָמיטע האָט בעקומען נאָך
הערצעלס טויטט, איז אויך געווען אַ טעלעגראַם
פון דר. באַדענהיימער. דאָס איז קיין איינפאַכעס
טעלעגראַם געווען, דאָס איז געווען אַ טעלעגראַם
פון אַ „פּרעטענדענט" אויף דעם „טראָן", דאָס
האָט געשריבען דער צוקונפטיגער „פיהרער," דער
„קאַלטער פּאָליטיקער" צו „זיין" איבערעשטער
פּאַרטיי: ניט פערליערט אייך, נעמט ניט אָן קיין
גיכע החלטות, אייער צער איז גרויס — דער
גרויסער פיהרער איז געשטאָרבען, נור עס שטעהט
שוין גרייט אַ נייער פיהרער, וואָס וועט ווייטער
פיהרען מיט דעם ריכטיגען וועג. אייער זאַך איז
נור צו זאָגען איהם „היה לראש". אָט וואָס האָט
זיך געפיהלט צווישען די שורות פון דעם טעלע־
גראַם. עס איז אַוועק אַקליין שטיקעל צייט. דער
קליינער קאָנגרעס האָט זיך צונויפגעזאַמעלט און
שטאַט צו זאָגען דר. באַדענהיימער „היה לראש",
האָט ער געשטעלט אָן דער שפּיצע פון דער
בעוועגונג אַ קאָמיסיע פון 13 מענשען. די קאָ־
מיסיע האָט בעקומען דעם נאָמען „פּאָליטישע", און
דר. באַדענהיימער איז ארויס־געקליבען געוואָרען
אַלס איינער פון איהרע מיטגליעדער.

דר. באַדענהיימער אָבער ווייזט אויס
האָט בעשלאָסען צו בעווייזען, אז ער איז ווירק־
ליך ראוי צו זיין אין דער פּאָליטישער קאָמיסיע,
אז ער איז אין דער ווירקליכקייט אַ „פּאָליטיקער".
און די השגחה העליונה האָט באַלד טאַקי גע־
האָלפען איהם צו בעווייזען זיין גאַנצען פּאָליטי־
שען טאַלאַנט. די איטאַליענישע קעניגען האָט
געבווירען דעם „פרינץ פון פּיעמאָנט". דר. באַ־
דענהיימער ווייסט, אז הערצל האָט עפּיס צוטהון
געהאַט מיט דעם „רוימישען הויף", און האָט זיך

גענעמען אונטערצוהאלטען אויף ווייטער "דעם גוטע בעציהונגען" צום רומישען הויף — און דער פאר האט ער געשיקט א גליקוואונש טעלעגראם אין דעם נאמען פון די דייטשע ציוניסטען. דאס איז אודאי א גרויסער פאליטישער אקט, נור פאר וואס האט ער שוין אויך דערביי ניט געשיקט דעם פרינץ פון פימאנט א ספר תורה? אמאהל האבען מיר נאך געהיט א ספר תורה ווי א אויג אין קאפ און איז חו"ח א ספר תורה אראפ געפאלען, האט די גאנצע שטאדט געפאסט עטליכע טעג; היינט האבען מיר זיך שוין פון דיעזעס סאנטימענטען אבגעזאגט און די "רייניגקייטען" זענען געווארען א וואלוועלע סחורה: מען האנדעלט מיט זיי אויף דעם מארק, ווי א גאס פרוי מיט איהר לייב... מע פערשענקט זי, און פערקויפט זיי אויף רעכטס און אויף לינקס... אפשר וואלטען מיר זיך דורך א ספר תורה אויך אנגעקויפט ביים פרינץ פון פיעמאנט?...

אייגענטליך וואלט די גאנצע זאך מיט דעם טעלעגראם געווען זעהר לעכערליך, ווען זי וואלט ניט געווען אזוי טרויעריג.

ווארעם וואס פאר א טעם האט די טעלעגראמע? — קיין "בעפריינדעטע מאכט" זענען מיר נאך לעת עתה ניט מיט דער איטאליענישער מלוכה; אז דער ציוניסטישער "הויף" זאל זיך געפינען אין פריינדשאפטליכע פערהעלטניסע צום רומישען הויף, האבען מיר אויך ניט געהערט; און אז די דייטשע ציוניסטען זאלען זיך ווירקליך פרייען, וואס איטאליע האט א יורש עצר איז עפיס אויך ניט קענטיג — היינט וואהין פאסט דער טעלעגראם, אויב ניט לוסטיג צו מאכען דעם רומנישען הויף? נור דאס טרויעריגע איז דא, וואס אלע דיעזע... נארעשקייטען ווערען געטהון אין דעם נאמען און "צוליעב" דעם ציוניזם. און ניט נור אום דר. באדענהיימער האנדעלט עס זיך דא — דר. באדענהיימער איז גאנץ געוויס זעהר א עהרליכער מאן און מאכט דאס אלעס זעהר ערנסט — נור אום דעם עזות, מיט וועלכען יעדער גביר אדער דאקטאר, יעדער "פרעדסעדאטעל" אדער פארשטאנדס מיטגליעד טרעט אויף אן יעדער רעכט און בעפאלמעכטיגונג אלס "פארשטעהער" פון דעם גאנצען ציוניזם, פון דעם גאנצען יודענטום. זענט איהר ערגיץ א מיטגליעד פון א אגודה, וואס האט דעם איינציגען צוועק געלד צונויפצוקלייבען אויף א בעשטימטען צוועק און אויף דעם בעשטימטען צוועק דאס געלד צו פערווענדען, און האט די אגודה, ווי געווענליך ביי יודען, עפיס א יודען א גביר פאר איהר "פרעדסעדאטעל", אזוי זייט איהר ניט בעווארענט, אז ער וועט ניט אין אייער נאמען אלס אייער "פארשטעהער" אלעס מעגליכע טהון; און ווען איהר אפילו אין פעריינס זאכען פערשטעהט ער ניט "מאי דקאמרי רעביצין" און בכלל קאן ער קיין צוויי ווערטער צונויפבינדען, וועט ער געוויס דארט, וואו עס וועט איהם פאסען אויפטרעטען אלס אייער "פארשטעהער" מיט גרויסע רעדעס. און טאמער שיקט נאך די אגודה געלד אויף ישוב א"י וועט ער אויפטרעטען אויך אלס "פארשטעהער" פון דעם גאנצען "ישוב", און עס וועט איהם גאר ניט איינפאלען איבערצוטראכטען, טאמער וועט איהר אדער דער "ישוב" פראטעסטירען געגען זיינע "פארשטעהערשאפט". ווארעם ער ווייסט, אז ניט איהר און ניט דער "ישוב" וועלען ניט האבען דעם מוטה געגען איהר אפען ארויסצוטרעטען.

ווען וועלען אונזערע "פארשטעהער" לערנען בעגרעניצען זייערע רעכטע? ווען וועלען די וואס קלויבען א פארשטעהער אנהויבע פארשטעהען אז ניט די גראבע בייכלעך און ניט די רייכע בייטעלעך זענען א גאראנטיע פאר עהרליכקייט און מוטה? ווען וועלען אונזערע יודען זיך לערנען אפטרייסלען פון זיך יענע ניט געבעטענע בעלי-טובות וואס ערלויבען זיך אונזער אלעמענס כבוד צו טרעטען מיט די פיס? ווען?!

* * *

ווידער אויפגעלעבט! די אונאדיסטען האבען זיך נאך אמאל אויפגעחאפט: דזשאנסטאן, דזשאנסטאן אליין, האט מודה געווען. אז אוגאנדא איז פאר יודען "ווי געוואונשען"! און דיעזעלבע מענשען, וועלכע האבען פריער — און מיט רעכט — זיך ארויסגעווארפען אויף גאסטער דערפאר, וואס ער האט זיך פערבונדען מיט דעם אנטיסעמיט דזשאנסטאן צו קעמפפען נעגען אוגאנדא, שיטען שוין איצט גאנצע זעק "תהלות ותשבחות" דעם "אוהב ישראל" דזשאנסטאן, און דאס איז שוין דער בעסטער סימן, מיינען זיי, ווי אוגאנדא פאסט פאר אונז, ווען דזשאנסטאן אליין איז מודה אין דעם פלאן. און די צייטונגען זענען שוין מודיע וועגען דער "נייער, וויכטיגער ווענדונג"!

און וואס וועט זיין אז דער "אנטיסעמיטישער אוהב ישראל" וועט ווידער חרטה האבען?

**דער יודישער חראניקער.**

# בריעף פון דער יודישער גהעטא.

## א.

פינסטער, ענג און דושנע איז ביי אונז אין דער גהעטא; קיין ביסעל פרישע לופט — דער חשך פון מצרים, און קיין איינציגע פרייע בעוועגונג. און חאפט זיך אריין א שטראם פרישע לופט פון דער גרויסער גאס, ווערט ער באלד קאליע דורך דעם אויר, וואס הערשט אינווענדיג; און צינדט זיך שוין א מאל אן א פייער, וואס וואלט נעקענט בעלייכטען אונזער פינסטערע גהעטא, אזוי ווערט דאס באלד אויסגע־לאשען דורך דעם שרעקליכען פינסטערניש. די גהעטא אסימילירט אלעס לעבעדיגעס, פרישעס און ליכטיגעס, דריקט אויף דעם, גיבט דעם צו איהר חותם — און עס באקומט א איינענארטינען גהעטא חאראקטער. דיזעלבע געדאנקען, וואס זענען דארט, אויף דער גרויסער גאס, גרויס און מעכטיג, ברייט און טיעף, ווערען ביי אונז (ווען זיי חאפען זיך שוין אריין צו אונז) קליין, בטלניש, אבערפלעכליך און נארעש.

שולדיג זענען מיר אפשר ניט אזוי פיעל, ווי עס קאן זיך פון דעם ערשטען בליק ווייזען, מיר רייסען זיך נעבעך מיט דעם גאנצען לעבען זיין „לייטען גלייך". די גרויסע געדאנקען וועלט ציהט אונז צו זיך, און מיט אלע אונזערע כחות שטרעבען מיר צו איהר. נור די גהעטא מיט איר פסיחאלאגיע מאכט אונז אונפעהיג צו פערשטעהן און איבערצונעמען דיעזע געדאנקען מיט זייער גאנצער ריינקייט. מיר קוקען אויף אלץ מיט אונזערע אבגעשוואכטע אויגען און אלץ באקומט ביי אונז א גהעטא ארטינען חאראקטער — מ י ר אסימילירען ביי אונז יענע גרויסע געדאנקען אויף אונזער שטענער, מיר נעמען ביי זיי אוועק די גרויסקייט. מיר האבען ניט די מעגליכקייט אליין ד ו ר כ צ ו ל ע ז ע ן יענע גרויסע געדאנקען, מיר טראגען זיי נור איבער פון דער פרעמד אדער, ריכטיגער, מיר ו ו י ל ע ן זיי נור איבערטראגען פון דער פרעמד; מיר פערשטעהן ניט, ווי אזוי ז י י אנצופאסען פאר אונז, מיר ווילען ז י ך צו פאסען צו זיי... דער סוף לאזט זיך אבער אויס, אז מיר פאסען זיי צו צו אונז— ניט פ א ר אונז, נור צ ו אונז — צו אונזער גהעטא לעבען, צו אונזער גהעטא פסיחאלאגיע.

לאמיר נעמען דעם גרעסטען געדאנק פון דער גהעטא, דעם נאציאנאלען בע־פרייאונגס געדאנק — פון דרויסען א״ז ער צו אונז געקומען:

אויף דער גרויסער גאס האט שטארק אנגעהויבען צו בלאזען דער ווינד פון נאציאנאלער בעפרייאונג און דורך די צעבראכענע פענסטער.. איז ער אויך אריין צו אונז אין גהעטא...

האבען מיר פערשטאנען איהם אנצופאסען פ א ר אונז? — ניין, האבען מיר ז י ך צו געפאסט צו איהם? — ווידער א מאל ניין, מיר האבען איהם צוגעפאסט צו אונז, מיר האבען אויף דעם גרויסען בעפרייאונגס געדאנק ארויף געלעגט דעם חותם פון דער גהעטא! די גהעטא דערשטיקט איהם, סמ׳ט אב זיין פרישע לופט און לעשט אויס זיין ליכט; מיר טראגען אויף איהם אריבער אונזער אלטע גהעטא פסיחאלאגיע... זיין פאליטיק האבען מיר אראבגעווארפען ביז צו א „מה יפית פאליטיק" — ביז צו דער פאליטיק פון טעלעגראמעס און דעפוטאציעס... זיין ערפאלג האבען מיר אבהענגיג געמאכט פון „גרויסמוטיגע פארשלעגע" אדער פון די קאפריזען פון די

פֿערשיעדענסטע באַראַנען... און זיין פֿערווירקליכונג האָבען מיר איבערגעגעבען אָרגאַניזאַציע פֿון נאַנצע מענגעס „פֿיהרער“ און נאָך מעהר מענשען, וואָס וואַרטען מען זאָל זיי „פֿיהרען“...

און דער ביי מיטשעט מאַן זיך תמיד נאכצוטאַנצען, עס זאָל אויסקומען ווי „ביי לייטען“: מיט „פרעדסעדאטעלעס“, מיט „סעקרעטאַרען“ מיט „פאָליטיקער“ און „פאָליטישע אַנגענטען“ און נאָך אַזוינע שטעלעס — אַלץ ווי דאָרט, אויף דער גרויסער גאַס. לאָז אייך גאָט שומר ומציל זיין פֿון אַ זעלבסט שטענדיגען געדאַנק! ווער שמועסט פֿון זעלבסטשטענדיגעס רעדען — ביי אונז אין דער גהעטא האָט מאַן חזיר פֿיינד אַלץ וואָס איז זעלבסטשטענדיג, אַלעס מוז זיין גהעטאַאַרטיק. דערצו האָבען מיר אַ גוטע ציוניסטישע פרעסע, וועלכע קוקט בשבע עינים, אַז איהר זאָלט חלילה ניט אריינדרינגען אין דער גהעטא אונטער דעם שלייער פֿון דעם ציוניזם אַ נייעס ניט גהעטאַאַרטיגען געדאַנק. אָט האָט למשל דאָ ניט לאַנג איינער פֿון די „פֿיהרער“ זעלבסט, דער „שרעקליכער“ אוסישקין, אַרויסגעזאָגט זיין ספֿקות אויב — ווען דער ציוניזם איז פֿאַר אונז אונבעדינגט פֿערבונדען מיט ציון — אויב עס איז גלייך צו זיצען פֿערלעגט די הענד און לאָזען, אַז פֿרעמדע זאָלען ארבייטען און אַלץ פֿאַרטיג מאַכען פֿאַר אונז? אויב אויך קיין פאָלעסטינא דאַרפֿען מיר קומען ווי פֿאַראַ זיטען אויף דער גרייטער אַרבייט פֿון פֿרעמדע? איך מוז אייך צוערשט זאָגען, אַז איך בין קיין גרויסער אַנהענגער פֿון אונזער „פּראַקטישען פאָליטיקער“ און אויך ניט פֿון זיין „אייזערנער דיסציפּלין“. זיין אַרבייט אויף די „בערג פֿון ציון“ בעגייסטערט מיר אויך ניט — איך בין קיינמאָל ניט געוועזען קיין אַנהענגער פֿון זיין קליינקאָלאָניזאַציאָנס פאָליטיק, און זיין „גאולה“ איז ניט מיין גאולה. זיין ספֿק אָבער, מוז איך צוגעבען, איז זעהר אַ בערעכטיגטער און האָט זעהר טיעפֿע יסודות. איהר וואָלט אָבער געדאַרפֿט הערען דאָס געשריי וואָס אונזער ציוניסטישע פרעסע האָט אויפֿגעהויבען: — סטייטש! אַזא שרעקליכע כּפֿירה נעגען דער ריינער פאָליטיק!. וואו איז דאָס געהערט און וואו איז דאָס געזעהן? און דאָס טהוט אַ „פאָליטישער פֿיהרער“! „על מי נטשנו את הצאן“?! געוואַלד, אויף וועמען האָבען מיר איבער געלאָזט די אָרימע שעפֿעלעך (דאָס מיינט מען כנסת ישראל)?! — און אין דער גהעטא באַקלאָגט מאַן די אומגליקליכע שעפֿעלעך, וואָס ווערען פֿערפֿיהרט דורך דעם שרעקליכען אוסישקין...

איהר זעהט שוין וואָס ביי אונז אין דער גהעטא איז געוואָרען פֿון דעם גרויסען נאַציאָנאַלען בעפֿרייאונגס געדאַנק?

אדער לאָמיר נעמען נאָר אַ אַנדער געדאַנק.

אין דעם קאַמפֿף פֿאַר דער בעפֿרייאונג פֿון דעם מענשען האָבען זיך אויף דער גרויסער גאַס געפֿונען דענקער, וועלכע מיינען, אַז מיר מוזען איהם קודם כל בעפֿרייען פֿון דער רעליגיאָן. בעפֿרייענדיג איהם פֿון דער רעליגיע, מאַכען מיר איהם פֿריי דעם וועג צו זיין וויטערער פֿרייהייט. אויך דיעזער געדאַנק איז אַריין צו אונז אין גהעטא. נור ווי אַזוי מען שטעלט זיך ביי אונז אין גהעטא פֿאַר די בעפֿרייאונגס אַרבייט, וויל איך אייך מיט אַ פֿאַר ביישפּיעלען דערצעהלען. פֿון דער לאָנדאָנער יום כפור געשיכטע ווייסט איהר דאָך שוין מן הסתם, און ווייסט אויך ווי קלוג מען האָט דאָרט „געקאַמפֿט“ נעגען דער רעליגיאָן. איהר זאָלט אָבער וויסען וועגען אַנדערע „קאַמפֿס“ מיטעל, וואָלט זיך אייך די יום כפור געשיכטע בעוויזען אַלס אַ גרויסע חכמה. איך געדענק, אַז איך בין

נאָך געווען אַ קליין חדר יונגעל, בין איך איינמאָל געוואויר געוואָרען פון מיינע חבריא אַז דער, וואָס שעלט גאָט, שטאַרבט באַלד, די מינוט אַב. אויף דעם צווייטען טאָג האָב איך מיך אָנגעברונזט אויף מיין מאַמע און כדי איהר אָנצולערנען האָב איך בעשלאָססען באַלד צו שטאַרבען. דאָס מיטעל איז שוין פאַר מיר פון נעכטען גרייט געווען און איך האָב מיך באַלד גענאָמען פאַר דעם. נור עס איז אַוועק איין מינוט. צוויי — און איך בין אַלץ לעבען געבליעבען... איך האָב איבערגעחזרט די קללה — נור עס האָט מיר ניט געהאָלפען... אין אַ פאַר טעג אַרום בין איך שוין שטאַרק מסופק געווען—צו עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט. פון יענער צייט איז שוין אַוועק אַ שעה ביסעל יאָהרען, און איצט בין איך געוואויר געוואָרען, אַז מיין מיטעל ווערד אויס־געניצט צו עקספּערימענטעלע בעווייזען אַז גאָט איז ניט דאָ און ניט געווען — אַ כפרה העקעלס „שעפּפונגס״ געשיכטע און אלע זיינע ביכער! וואָס פאַר אַ נוצען קענען זיי ברענגען דער מענשליכער אויפקלערונג אין פערגלייך מיט אַזוינע עקספּע־רימענטעלע בעווייזען?!

און טאָמער חלילה ווילט איהר ניט שעלטען גאָט אָדער טאָמער האַלט איהר פון דעם כלל: רעליגיע איז פּריוואַט זאַכע — זענט איהר ביי זיי אין די אויגען דער גרעסטער רעאקציאָנער און זענט בכלל ניט פעהיג צו פערשטעהן עפּיס רעכטס. צ. ב. דאָ ניט לאַנג האָט אַ ערנסטע נוי־יאָרקער צייטונג בעוויזען, אַז אַלע לעזער פון דער נוי־יאָרקער יודישער צייטונג „פאָרווערטס״ (יודישעס בלאַט אין נוי־יאָרק) זענען בשום אופן ניט פעהיג צו פערשטעהן אַ גוטע ערנסטע דראַמא... ווי אַזוי דאָס איז באַוויזען געוואָרען — הערט: אין „פאָרווערטס״ געפינען זיך אַנאָנסען וועגען דעם פערקויף פון חנוכה לעכטליך, תפלין וכדומה, היינט, ווען די פערקויפער גיבען דער צייטונג אַזוינע אַנאָנסען, איז דאָך נעדרינגען, אַז די צייטונג האָט אַזוינע לעזער וואָס לעגען תפלין און בענשען חנוכה ליכטליך. ווען אַזוינע רעאַקציאָנערען לעזען דעם „פאָרווערטס״ איז אַ סימן, אַז די צייטונג איז אַ רעאַקציאָנערע, ווען די צייטונג איז אַ רעאַקציאָנערע זענען דאָך אַלע איהרע לעזער אונוויסענדע רעאַקציאָנערען, און ווי באַלד די לעזער זענען אַ זוינע אונוויסענדע רעאַקציאָנערען, אַז זיי בענשען חנוכה ליכטליך, זענען זיי דאָך געוויס, אָן אַ שום ספק, ניט פעהיג צו פערשטעהן אַ גוטע ערנסטע דראַמא... אייך האָט זיך אפשר פערדרעהט דער קאָפּף פון דיזעם נאַרישען פּלפּול, און איהר ווילט מיר אפשר ניט גלויבען, נאָר איך קען דאָס אייך בעווייזען שוואַרץ אויף ווייס אין דער ניו יאָרקער „פרייע אַרבייטער שטימע״. דאָס איז די „פיהלאָזאָפישע״ זייטע. און די פּראַקטישע אַרבייט בעשטעהט אין דעם, וואָס מען רופט צונויף גרויסע פערזאַמלונגען, וואו מען לאַכט אויס גאָט און מען מאַכט פון איהם חוזק, און נאָך אַזוינע נאַרעשע בטלנישע זאַכען.

און אַזוי אַרבייט מען ביי אונז אין דער נהעטא פאַר דער בעפרייאונג פון דער רעליגיע...

נאָך אַסאַך אַזוינע געשיכטעס וואָלט איך אייך געקענט דערצעהלען פון אונזער נהעטא און וועל זיי אויך אי״ה אייך דערצעהלען, נור אויף היינטיגס מאָל גענוג. די נהעטא ווערט נאָך לאַנג פערבלייבען אין איהר צושטאַנד, און איך וועל נאָך מן הסתם האָבען די געלעגענהייט אייך צו שרייבען.

Citoyen.

# צו מיין „פריינד".

(אייניגע בעמערקונגען צום פעליטאָן „ליטעראַטור און לעבען" פון R. Agrin „פריינד" N. 238 1904).

„וואָס מיר זענען — זענען מיר,

פ י י נ ע ב ר י ו ת — זענען מיר", —

דאָס איז מיר אויפ'ן געדאַנק אַרויפגעקומען, לעזענדיג „ליטעראַטור און לעבען" אין „פריינד" 238. זאָגט, דאַרף מען ניט זיין א פ י י נ ע ב ר י ה, כדי מיט איין פעדער־שטריך מבטל צו מאַכען פ ר צ־ן, ב ר י י נ י נ ע ן און ז ש א ב א ט י נ ס ק ע ן? עס פערשטעהט זיך, אַז פון מיר וועל איך ניט רעדען. זויל מען אַ רעדאַקטאָר ווערן, אַזוי מוז מען אַ ה אַ ר ט ע ה ו י ט בעקומען, דען ניט אַלע מאָל קען מען זיך אויס בעהאַלטען פון די פליגען וואָס זשומען, פון די ביהנען וואָס שטעכען.

אויב שוין ענטפערן, טאָ פאַר וואָס ניט אַלעמען? אָט למשל האָט מיר דער רעדאַקטאָר פון אַמעריקאַנער צוקונפט (קאָנקורענט?) אַזאַ מין חטא פאָרגעוואָרפען: די אַרטיקעל אין דער „יודישער צוקונפט" זענען ג ע מ י ש ט, ד. ה. אָט אַ פובליציסטישער, אָט אַ בעלעטריסטישער אַרטיקעל, און אין אַמעריקא פיהרט מען זיך מן־הסתם אַנדערש אויף. דער „הדור" האָט צו מיר טענות, וואָס איך גלייב ניט גענוג אין ד י פ ל אָ מ אַ ט י ע! אַנדערע—האָבען אַנדערע „פערברע־כען ענטדעקט. און איך אַלס „רעדאַקטאָר" מוז אַלעס איבערטראַגען; עס העלפט דען עפּיס? וועט איהר פערטרייבען דיעזע פליגען און ביהנען — וועלען קומען אַנדערע.

נור צו אַלעס זשומען און הויזשען מוז נעמען אַ־נ־עק. ווען אָבער מען פריפט זשומען און הויזשען „וויסענשאַפטליך" אַזוי נעמט אָן פשוט אַ רחמנות אויף דער בידנער וויסענשאַפט.

ענטפערן דעם R. Agrin וואָלט איך געקענט מיט זיינע אייגענע ווערטער: „עס איז נשתומם צו ווערן, ווי מענשען נעהמען זיך נ י ט פאַר זייער אַרבייט, ווי קיין זאַך איז זיי ניט צו שווער, ווי אַלע זענען מומחים צו אַלץ, ווי אַלע זענען חכמים, אַלע זענען נבונים, אַלע קענען אַלערליי תורות אין דער וועלט". אין דעם א י י נ ע ם פעליטאָן אַליין האָט נעמליך Agnin בעוויזען, אַז ער איז אַ בקי אין „ערנסטע פילאָזאָפישע" בעהאַנדלונגען, אין הלכות „סטאַטיסטיק" און ווי אַזוי מען דאַרף שרייבען איבער „אידעאלען, טאַקטיק און פערזאָן". ער האָט בעוויזען, ווי ער איז אַ מומחה אין הלכות „קלאַסען־קאַמפף" און אין די פערשיעדענע געזעלשאַפטליכע וויסענ־שאַפטען. אז מען וויל נאָך צורעכנען אַז Agrin שרייבט איבער „ליטעראַטור און לעבען", און (פונ'ם הדר טאָר מען אַפילו ניט אויסזאָגען) אַז דערזעלבער Agrin שרייבט אין „פריינד" אונטער פערשיעדענע נעמען איבער א ל ע ר ל י י פראַגעס, וואָס קומען פאָר און וואָס קומען ניט פאָר אין אונזער לעבען, א. ז. וו. א. ז. וו., אַזוי „איז נשתומם צו ווערן", ווי „אַלע זענען מומחים צו אַלץ" א. ז. וו.

אָדער גאָר וואָלט איך געקענט ענטפערן דערמיט, וואָס איך וואָלט אָנגעוויזען אויף די א ו ר ז א כ ע ן פון ס'Agrin כעס, וואָס עס געפינט זיך אנאָרגאַן, וועלכער בייט ניט זיינע

מיינונגען לויט די צאָהל פון די אבאָנענטען, וואָס הערט זיך ניט צו, צו דעם — צי בלאָזט היינט אַנ'אזיאטישער, אדער אַנ'אפריקאנישער ווינד... נור אזא מין תשובה הייסט בייזערן די גענז... און די גענז האָבען פליגעל, און די פליגעל האָבען פעדערן און פאפיער וואָס מוז שווארץ ווערן — פעהלט אויך ניט... און פאר גענז — בין איך זיך מורה, האָב איך שטארק דרך ארץ; איך קען זייער יחוס.

דערצו איז אונזער Agrin איודישע גאנז. אסימן, וואָס איהר רעדט, וואָס איהר זאָגט, הערט איהר די בעקאַנטע תשובה „פונקט פאר קעהרט", „אדרבא"! בעקאַנטע תשובות פון גרויסע קלויזען אין קליינע שטעדליך.

גערעדט האָב איך דערפון ווי ביי אונז, וואו אלעס איז אַזוי אוננארמאל, קען מען ניט אַדער וויל מען ניט אפילו אין אַנ'עת צרה זיך פעראייניגען, נור יעדער וויל זיך זיינע וועגען געהן, יעדער שטעלט זיינע (פון זיין פארטיי) אינטערעסען העכער פון די אינטערעסען פון גאנצען פאָלק. עס פערשטעהט זיך, אז אין אפראָגראם ארטיקעל בין איך נור מחויב געווען אנצו־ווייזען, אַנצודייטען, וואָס פאר א אינטערעסען אונזער זשורנאל וועט פארטרעטען. צו שרייבען ווידער גאנצע ביכער, איבער'ן קלאסענקאמפף (איך וועל Agnin צוליעב טהון און דאָס קינד ביים „רעכטען" נאָמען רופען) אין אפראָגראם ארטיקעל איז ניט געווען מיין אויפגאבע. דען — מוזט איהר וויסען — „די יודישע צוקונפט" איז ניט בעשאַפען פאר „בעלי איפכא מסתברא", וואָס בעווייזען מיט'ן לינקען פינגער אלס „אדרבה, פינקט פארקעהרט".

און אויך איצט וועל איך גאנץ קורץ זיין, אויך איצט וויל איך נור אפאר בעמערקונגען אויפשרייבען, כדי צו בעווייזען, ווי ביי אונז איז ניט ווי ביי זיי", ווי ביי אונז איז אלעס מיט'ן קאָפף אראָפּ!

ביי אונז געפינען זיך אשרעקליך גרויסע צאָהל אינטיליגענטען און אנאָך גרעסערע צאָהל בעלי־בתים, און אויך גענוג ארבייטער־מאַסען וואָס דענקען ניט, פיהלען ניט און זענען ניט יודיש, וואָס זיי זעהען אין דער אסימילאציע, אין דעם אונטערגעהן פון אונזער פאָלק, די איינציגע ישועה צו אונזערע צרות.

ביי אונז זענען פאַראַן שרעקליך פיעל יונגע מענשען וואָס לייקנען כלומרש'ט אָפּ דאָס רעכט פון דער עקסיסטענץ פון בעזונדערע נאציעס — און דערביי געבען זיי אוועק אַלע זייערע כוחות פאר דער עקסיסטענץ פון אנדערע — ניט יודישע — נאציעס.

ביי אונז זענען פאראַן זעהר פיהל העלדען, וועלכע לאָזען מיט זיך טהון אלעס מעגליכע און ניט מעגליכע און דערביי פארטרעטען זיי קיינמאל די יודישע אינטרעסען, פארטרעטען אויך קיינמאל די אייגענע פארטיי־אינטרעסען, נור זייער גאַנצעס אידעאַ־ל איז זיך מקריב זיין פאר פרעמדע פעלקער.—

ביי אונז זענען דאָ אשרעקליך גרויסע צאָהל האלב־פרומע און גאנץ פרומע יודען וואָס בעטראַכטען עס פאר אגרויסער עבירה, צו לערנען די אייגענע שפראך, צו בעקענען זיך מיט דער אייגענער געשיכטע, קורץ, צו זיין יודען.

ביי אונז זענען פאראן זעהר פיעלע, וואָס שעהמען זיך מיט זייער אייגענער פאלקס שפראך און דערביי לאָזען זיי ניט ארויס דעם נאָמען פאָלק פון מויל.

ביי אונז ארבייטעט מען פאר דער אויפלעבונג פון דער שפראַך, פון פאָלק און די אייגענע קינדער לערנט מען אלעס מעגליכע נור ניט יודישעס.

ביי אונז, אַז מען שטעלט זיך שוין אַנטקעגען שונא, אז מען לאָזט זיך שוין יאָ ניט טרעטען אונטער די פיס, — אזוי זוכט מען דערנאָך, אחר־המעשה, צו בעווייזען, אז נור א דאַנק די „בעלי ס"ד" האט מען זיך געשטעלט אַנטקעגען, אז די אנדערע — די ציוניסטען — זענען כלומרש'ט פחדנים. דען דער עיקר איז ביי זיי (טאקע אונזערע קינדער) ניט דאָס פערטיידיגען די יודישע אינטערעסען, נור דאָס אויסנוצען דעם פאקט צו פארטיי צוועקען.

ביי אונז — — — נור, צי וועלען גאנצע בויגען קלעקען כדי אויס צו רעכנען ווי אַזוי ניט־נארמאל איז אלעס ביי אונז. געהט אין דער יודישער גאַס, געהט אין קלויז, געהט אין קלוב, געהט אויף די פערשיעדענע אסיפות — איבעראל דאָס אייגענע! אלעס ניט געזונד, אַלעס פערפוילט, אז עס האפט אַן א יאוש. —

און ביי זיי? — נאטירליך שלאָגען זיך דאָרט די פארטייען מיט אייגאנדער.

אָבער וואָס פֿאַר אַגעזונדטעס שלאָגען זיך איז דאָרט! און ניט אין שלאָגען זיך אַליין אבער געהט אוועק זייער לעבען. ליבקנעכט, דער פערשטאָרבענער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פיהרער אין דייטשלאַנד האָט פערפאַסט אַפרעמד־ווערטערבוך און אין זיין פאָרעדע זוכט ער מיט פלאַמענדיגע ווערטער צו בעווייזען, אז דייטש איז זיין נאַציאָנאַל שפּראַך! דאַשינסקי — א סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פיהרער אין גאַליציען — האַלט אין איין פער־טיידיגען זיינע פּאָלנישע נאַציאָנאַל־אינטרעסען! די טשעכען — שלאָגען זיך אַרום, כדי די מעגליכקייט צו בעקומען זיך זעלבסטשטענדיג צו ענטוויקלען. די אַרבייטער אין דער שווייץ זינגען פּאַטריאָטישע הימנען, ווען דער איטאַליענישער פערטרעטער זאַטשעפּעט דעם כבוד פון שווייצער־פאָלק! טויזענדער ביישפּיעלען קאָן מען אַנפיהרען אַלס בעווייז, ווי זאָגאַר אין צייט פון שלום האָבען די פערשידענע פּאַרטייען און גרופּען פעראייניגונגס־פּונקטע, וועלכע מאַכען זיי פאַר איין פאָלק, פאַר איין גאַנצעס! און ווער רעדט שוין אין צייט פון מלחמה! געוויס, געפונען זיך גרויסע פּאַרטייען, וואָס זענען פעראינ־טרעסירט, אז א מלחמה זאָל ניט אויסברעכען; געוויס וועלען דאַן דיעזע פּאַרטייען אַלעס מעג־ליכע אַנווענדען כדי די מלחמה זאָל ניט קומען; האָט אָבער אַ מלחמה שוין אויסגעבראָכע אזוי הערט מען גאַר אַנדערע ליעדער! די דייטשע אַרבייטער־פיהרער, למשל, האָבען ניט איין מאָל ערקלערט, אז זיי וואָלטען מיט׳ן שווערד אין האַנד פערטיידיגט דאָס פאַטער־לאַנד, ווען עמיצער זאָל עס וואַגען אָפּצונעמען!

נור, ווי קאָמיש איז עס, ווען מען מוז אזא מין „מומחה אין אַלע זאַכען“, ווי אונזער Agnim איז — דערציילען אַזעלכע בעקאַנטע זאַכען.

צי ווייסט ער דען אַליין ניט אז למשל פאַר די בעפרייאונג פון איטאַליען האָבען זיך אַלע קלאַסען פעראייניגט? אָדער גאַר אַז מאַנכע האָבען געפּריפט אין דייטשלאַנד אַרויפלעגען א גראָבע האַנד אויף דער קונסט, — האָבען זיך גאַנץ ווייט שטע־הענדע פּאַרטייען זיך פעראייניגט פאַר׳ן קאַמפּף מיט דער רעאַקציע! דאַרף מען נאָך זאָגען, אז די קונסט האָט דאָך מיט ענגע פּאַרטיי־אינטערעסען געוויס ניט צו טהון. —

מיר יודען אָבער — זענען א „אויסערערוועהלטעס פאָלק“ אויסערוועהלט צו שאַנד צו שפּאָט! מיר דאַרפען דען וואַרטען אויף א מלחמה צייט — מיר געפינען זיך דאָך תמיד אין א פיעל ערגערן צושטאַנד אַלס אין א צייט פון מלחמה! אין א מלחמה קען דער היינט־בעזיעגטער מאָרגען דער זיעגער ווערן; מיר אָבער זענען אַלע מאָל די בעזיעגטע, בעזיעגטע אָן קאַמפּף! אין רומעניען וואַרפט מען אונזערע ברידער לעבעדיגערהייט אין דער דאָנוי, דאָ וואָהן ניט, דאָרט שטעה ניט, דער מיט האַנדעל ניט; אַהין געה ניט, דאָס שטודיען ניט. און דערוויל קראַכען אויף די שויבען, די פעדערן שיטען זיך, די כלים ווערען צערבראָכען, דאָס האָב און גוטס צעראַבעוועט — די הענד אָבגעשניטען, דאָס מויל פערשטאָפּט. און ביי דעם אַלעמען, פּאָגראָמען פון יודען געגען יודען, פּאָגראָמען איבער אנ׳אָהנבייסען אין יום כפור. און דאָס אַלעס געהט פאַר אונזערע אויגען פאַר און — גאַר ניט! דאָס איז ביי אונז קיין צייט פון געפאַהר? וואָס קען נאָך זיין אַגרעסערער געפאַהר ווי דער אין וועלכען מיר יודען געפינען זיך שוין אזוי לאַנג! וואָס קען נאָך זיין א שענדליכערעס לעבען פון דעם אין וועלכען מיר געפינען זיך איצט! —

ביי אונז אָבער געפונען זיך ס׳ Agrio וואָס שעפּען זייערע טהעאָריען פון בית־עולם אין האָמעל! און אָט דיעזע מענשען האָבען אויגען און זעהען ניט, אז גראָד דער בית־עולם פון האָמעל איז דער בעסטער בעווייז ווי ניט־נאָרמאַל אונזער לאַגע איז, ווי ביי אונז איז ניט ווי ביי זיי, דען גראַד „האָמעל“ האָבען „יענע“ אויסגענוצט ווידער ניט צו פער־טיידיגען דעם יודישען כבוד, נור צו פּראָפּאַגאַנדירען זייערע „אידעען“. —

נור, געהט רעדט מיט Agrin אז אויף זיינע ליפּען איז אַנגעגרייט א חוזק־שמייכעל אַלעס אַוועק־צו הרג׳נן! דען גראָד אין חוזק מאַכען פון יעדער ערענסטער זאַך ליגט די קראַפט פון אנ׳Agrin עט קאָמפּ.

איבריגענס, Agrin האָט גרויסע חברים. אז דער וועלט־באריהמטער ס. נארדוי האָט געוואלט בעווייזען אז אחר־העמ׳ס קריטיק איבער „אלטניילאנד" איז ניט גערעכט — האָט ער געפריפט בעווייזען אז אחד־העם איז אנ׳עם־הארץ! און אז דער גרויסער נארדוי ער־לויבט זיך אזעלכע קריטיקען, — טאָ פאַרוואָס זאָל ניט דער קליינער Agrin נאָכטאנצען? זאָגט וואָס איהר ווילט:

„וואָס מיר זענען — זענען מיר,
פיינע בריות — זענעו מיר".

„דער רעדאקטאר".

---

מיר האָבען ערהאַלטען:

בחורף, רומן, מאת י. ח. ברנר. הוצאת „אחיאסף".

הציוניות. מאת דר. י. ספיר. נעתק ע״י נ. ל. נאוואפלאנט.

תמת עבריה, חזיון מדברי הימים, ערוך בארבע מערכות, מאת י. מזח.

רות, שיר חזיון, מאת ג. יקבזון, תרגום א. רווט.

ליל זועה. ספור. מאת מקס גורדו, תרגום א. רווט.

המשורר העברי. קובץ שירי ציון, ספר א. מאספים ויו״ל ע״י י. ש. סגל.

שירים עתיקים, ספור. מאת ר. א. ברודס, הוצאת י. פישר.

דאקטאר טעאדאר הערצל. פון שלום עליכם.

אויטאעמאנציפאציאן, אדער א סגולה צו יודישע צרות. פון דר. לעאָן פינסקער.

בעאַרבייטעט פון מענדעלע מוכר ספרים.

די יודישע אוצרות. פון י. ח. ראבניצקי.

היגיענישע ביבליאָטעק: דר. מ. יעוונין. נומ. 1 — ריינליכקייט און געזונד; נומר 2 — היגיענע פון חדר.

יאזעף לאטינער. אפערעטטען: 1) — מאמאן דער געלדנאַט; 2) — דוד׳ס פידעלע. פערלאַג א. פויסט. קראקא; 3) — אשה רעה. פערלאג ב. מונק לעמבערג.

Грядущее. Стихотворенія Л. Яффе.

Еврейскіе мотивы,—сборникъ сіонистскихъ стихотвореній. Изданіе Б. Яффе.

פאלגענדע ארגאניזאציעס האבען אבאנירט „די יודישע צוקונפט".

| | | |
|---|---|---|
| 1) | „פועלי ציון", ניו־ארק | 50 עקזעמפל. |
| 2) | „דורשי ציון", ברוקלין | 25 „ |
| 3) | „דגל ציון", ניו־ארק | 25 „ |
| 4) | „אוהבי ציון", „ | 25 „ |
| 5) | „ארגאניזאציאן רוסישע ציוניסטען" (ציונה), ניו־ארק | 25 „ |
| 6) | „פועלי ציון" נומר 1, לאנדאן | 25 „ |
| 7) | „בנות ציון", לידה | 25 „ |
| 8) | „בני ציון", „ | 25 „ |
| 9) | „ראיאן" — טיאמקין | 25 „ |
| 10) | „ — שיינקין | 25 „ |
| 11) | „ — ד"ר יאקאבזאן | 25 „ |
| 12) | „ — ד"ר באלקאווסקי | 25 „ |
| 13) | „ — נאלדבערג | 25 „ |
| 14) | „ — זלאטאפאלסקי | 25 „ |
| 15) | „ — ד"ר סאפיר | 18 „ |
| 16) | „אחדות", קראקוי | 25 „ |

Feins, Aegyptische

ZIGARETTEN.

Finest Egyptian

**CIGARETTES**

MARK

# „OPHYR"

**Cairo & Alexandria.**

פיינסטע

עגיפטישע

**ציגארעטען.**

א גרויסער ראבאט גייט

פאר

ציוניסטישע צוועקע

אונטער אויפזיכט פון

ווינער אקצ. קאמיט.

| | | | |
|---|---|---|---|
| Ivria | Size 34/85 | price per 1000 | £ 5 0 0 |
| Kadimah | 33 75 | . . . . . . . . | 4 0 0 |
| Salo | 32/70 | . . . . . . . . | 3 0 0 |
| Amosis | 32/67 | . . . . . . . . | 2 0 0 |
| Moriah | 30/65 | . . . . . . . . | 1 5 0 |
| Cyrus | 28/70 | . . . . . . . . | 1 0 0 |
| Zoraya | 26/70 | . . (for ladies) | 1 12 0 |
| Grazia | 23/70 | . . . . . . . . | 1 5 0 |
| Preziosa | 25,85 | . . . . . . . . | 2 0 0 |
| (with mouthpieces for ladies) | | | |
| I Ophyr Gold | 31 68 | . . . . . | 3 0 0 |
| II Ophyr Gold | 25/70 | . . . . . | 2 0 0 |
| Ez-Ophyr | 29 70 | . . . . . | 2 0 0 |

Cigarettes can be packed in boxes of 8, 10 16, 20 and 50, at an extra charge of

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1/-per 1000 | in tin boxes of | 50 | Cigaret |
| 1,6 | „ in cardboard boxes of | 20 | „ |
| 2/- | „ „ „ | 16 | „ |
| 2/3 | „ „ „ | 10 | „ |
| 2/6 | „ „ „ | 8 | „ |

The above can be manufactured with other names when the order is a large one-such as 250.000 Cigarettes; otherwise a small charge for the cost of printing has to be ad ded, viz.: 1 -per 1000 on 100.000 Cigarettes.

All orders executed with promptitude.

The prices include free-on-board at Alexandria for tin boxes of 100 Cigarette About 2,000 Cigarettes can be supplied by parcels post at the ordinary rate. Goods only despatched on payment in advance. For large orders from known customers part payment will be accepted and the balance can be cleared by drafts.

By agreement with the Actions Committee. part of the profit on the sale of the Ophvr Cigarettes is to be giveo to the Zionist cause. Zionists will therefore see that it is to their interest to smoke olny Ophyr Cigarettes, and to make thee mark end article known among teeir friends.

Agents required. References and orders to

**Bogdadly & Horowitz, P O B. 606. Alexandria, Egypt.**

---

די בעסטע, שענסטע האל פאר א חתונה, באל אדער מיטינג איז די

## ❖ פרינצעס האלל ❖

120 קאַמערשעל רויד

אריינגאנג 100 קריסטיאן סטריט.

ביז 800 פערזאנען געהן אריין. בעסטע און ביליגסטע שפייזען און געטרענקע.

פּראפּריטאר: **גרינבערג,**

120, Commercial Road, E.

---

קומט אין דעם אנשטענדיגען, ריינעם

## רעסטאראן

אין 7 טשארטש ליין, וויטשעפּעל

וואו איהר בעקומט

די פרישסטע שפייזען

צו די ביליגסטע פרייזען.

אין רעסטאראן געפינט זיך אינטערעסאנטע בעלעטריסטישע און וויסענשאפטליכע ביבליאטעק וואו איהר קענט בעקומען צו לעזען אומזיסט יודישע, ענגלישע און רוסישע צייטונגען, זשורנאלען און ביכער, אדער זיך אמוזירען מיט שפּילען א שאך, א דראפט אדער א דאמינא. קארטען ניט ערלויבט. אכטונגספאל **י. בענדשעמין.**

---

אלערליי

## זילבער ארבייט

בעכער, ציין, לייכטער, מנורות, קרוינען, ידים, בשמים-באטסעס.

עקספּארט נאך אפריקא און אויך אנדערע לענדער.

Salkind & Kusher, Manufacturing Silversmiths, 399 & 401, Commercial Rd., London E.